עזרא פינינבערג

# אין ריזיקן פײַער

אָ ג י ז
מעלוכע־פארלאג „דער עמעס"
מאָסקווע 1946

# באַם ראַנד

## א. דער וועג

שלענגלט זיך דער וועג דורך הייך און נידערן,
און די ערד אין אומגעהייער־ווײַער פּרעכטיקייט
ליגט פאַר אונדז צעשפּרייט אַן ערשט־באַשאַפענע,
א נאַקעטע, אַן אויפגעטרייסלטע, א ווילד־באַוואַקסענע,
א טונקלע, א פאַרפלייצטע און א שײַנענדיקע:

— קומט אַרײַן, איר, טרײַע מײַנע, היימישע!
ניט פאַראַן בײַ מיר פאַר אײַך קיין שום געהיימנישן!
קוקט מיך אָן: איך בין א האַרטע, האַרבע, ניט געפּוצטע,
אָט אַזוי איך הייב זיך דאָ מיט הערצער־פעסטונגען,
מיט דעם מענטש דעם שטאָלענעם אין וואַלד־געדיכטעניש.
אָט אַזוי א היטער בין איך בײַ דעם לאַנד דעם ליכטיקן!—

שלענגלט זיך דער וועג, און ס'הייבן זיך שלאַגבאַומס אויף,
און אויף די שפּיצן בערג (מיר שפּירן עס, דערפילן עס),
אויף די שפּיצן בערג, פון טונקלער וועלדער־טיף,
אויגן שאַרפע, לויטערע קוקן נאָך נאָך אונדז.
כ'הער, ווי ליפן שעפּטשען דאָרט, ווי א כוואַליע קלערט.

אונדזער גרוס נעם אויף אונדזער וואַרעמען,
כוואַליע, דרייסטער יונג, פעסטער גרענעצלער,
כוואַליע, דרייסטער יונג, וועכטער מוטיקער
קעגן בייזע פײַנט, קעגן סאָנים בלוטיקע!

און אָט איינער דאָרט — ניט עס דאַכט זיך מיר —
צווישן ביימער דאָרט קלאָר דערזע איך אים:

אפֿן כמורנעם שפּיץ, אפֿן ווילדן שפּיץ
שטייט א שטילער מענטש א באוואָפֿנטער,
און ער קוקט אראָפּ, צו דעם וועג אראָפּ,
אַפֿ מאַשינעס אונדזערע, וואָס יאָגן זיך.

ליבער פֿריינט אינ הייך! דײַן וואכע רויִקייט
אפֿן שטרענגן בארג ניט געשטערט זאָל זײַן!
דײַנע טרײַע — ליבן מיר, דײַנע סאָנים — האסן מיר,
און מיט לעבנס קרעפֿטיקע צו דײַן פּעסטונג פּאסן מיר!

## ב. באמ ראנד

לעמ טײַכ אפ א בערגל איכ שטיי,
געארעמט אינ ווארעמקײַט שטיי איכ
מיט כאווער מיט מײַנעמ,
מיט ייִנגסטנ פונ פרײַנט רויטארמייער.
ס'איז קיינער כוצ אונדז ניט פאראנ אפנ ברעג,
אונ אקעגנ —
די פינצטערע בערג אינ א ריי,
די הייכנ די הוילע.
אפ זיי, הינטער זיי —
דער גרויל אונ די פעסט,
די מעלוכע פונ מוילעכ,
וואָס קינדערלעכ פרעסט,
די ערדנ פונ צאר
אונ פונ בייזנ געיעג,
די שווארצע געפאר
פאר מײַנ ליכטיק פארמעג.

אָט איז ער, דער ברעג
פונ מײַנ וועלט.

עס באלויכט די לעוואָנע די וועל
פונ אמור,
לעבינס בילד אפ דער ברוסט
פונעמ יונגינקנ רויטארמייער.
כ'קוק אונ קוק:
אפ יענער זײַט פינצטערער חייכ —
ווילד אונ פוסט,
קיינ רויכ פונ קיינ צוג,
קיינ פור, קיינ גייער.

דאָרט — דער אשמעדײַ וווינט,
אונ פונ מענטשישע ביינער — זײַנ גילדענע קרוינ.

אויבנאָנ, אויבנאָנ,
אפנ פינצטערנ בארג,
מיט צענשטאָקיקנ גוידער,
מיט געשוואָלענעמ קארק
זיצט דער שוידער,
זיצט דער רו׳ח אפנ טראָנ,
אונ ער שמײַסט מיט דער בײַטש,
אונ ער קנאקט מיט דער רוט.
אונ עס שטראָמט דאָרט דאָס בלוט
פונ קינדער, פונ פרויענ, פונ מענער,
אָט דאָרטנ, אָט נאָענט, אָט-אָ
דאָרט אפ יענער זײַט בערגלעך אונ בערגעלעך יענע.

פונ יענער זײַט פינצטערע בערג
עס דערטראָגט זיך דער רייעך
פונ פארסארפעטנ לײַב.
פונ יענער זײַט פינצטערנ וואלד
עס דערהערט זיך דער גוואלד
פונ פארגוואלדיקטנ ווײַב.
עס דערהערט זיך דאָס רעווענ
פונ שיקערער כװורע שינדער.
עס דערהערט זיך דער יאָמער,
וואָס גליט די נעשאָמע,
דער יאָמער פונ קינדער,
ווענ רויבער צינדט אָנ דאָס געצעלט.

אָט איז ער, דער ברעג
פונ מײַנ וועלט.

אָט איז צווישנ ערדנ — דער שניט,
אָט איז צווישנ וועלטנ — די מיט.

אזוי נאָענט אונ קלאָר,
אָט נעבנ, נעבנ
(עס גלייבט זיך מיר קוימ) —
דער ראנד פונ מײַנ אײנציקער וואָר,
דער זוימ
פונ מײַנ לעבנ.

### ג. אָט דאָ איז מײַנ גוירל

ס'וואָלטנ שפּורלאָז פאַרבליבנ אינ וועלט מײַנע טריט,
ס'וואָלט אויסגעגאַנגענ אינ עלנט מײַנ ליד
אַפ דער ערד פונ פּײַנ אונ מידע.
כ'ווענד צום הײמלאַנד מײַנ בליק:
אָט דאָ כ'בינ געבוירנ,
אָט דאָ איז מײַנ וויג,
אָט דאָ איז מײַנ פאָלק אונ מײַנ גוירל.
כ'בינ אײנס מיט מײַנ ערד.
וואָס מײַנ לאַנד איז באַשערט —
איז מײַנ לעבנ באַשערט.
כ'בינ אַ זינגער אַ יונגער באַם פאָלק בײַ דעמ גרויסנ.

דו, אַשמעדײַ, רו'כ אַפ די הײכנ פונ כוישעכ!
קום אַרויס, גיב אַ פּרווו.
אַמ די שטילינקע שפּיצנ
עס וועלנ מיליאָנענ אַרופּ.
ס'וועלנ אופגײנ די שטאַרקסטע,
די שענסטע, די בעסטע —
דעמ קאָפּ דו צעקלאַפּסט
אינ דער ליכטיקער פעסטונג.
עס וועט האַרב זײַנ די שטראָפ,
עס וועט וויסט זײַנ דײַנ כאָפּ,
אונ דײַנ בלוטיקע הערשאַפט לאָזט אויס זיכ,
אַשמעדײַ, רו'כ אַפ די הײכנ פונ כוישעכ.

...עס וויגט דאָס בײַנצנטע, דאָס שטורעמזיקע יאָר מיך
אַף א צוג, אַף אָנגעשטאָפּטער, אָפענער פּלאַטפאָרמע,
איך הענג מיט פלאַטערדיקער האַנט,
א וואנדערער, א יינגל, א פּאָעט,
לעם ראָד, אַף דינער, דינער וואנט,
אַף עקסטער טאנצנדיקער ברעט,
און דער צוג יאָגט,
און דער צוג יאָגט,
און עמעצער, מיט פּאָנעם ראָצכישן,
מיך שלאָגט
אין האנט פארמאטערטער,
אין האנט, וואָס פלאַטערט קוים,
און ס'קוקן, ווארטן אויגן פון א רויבער,
עס זאָלן רעדער מיך צעשטויבן.
א פעלד. א צוג. א זומערדיקער טאָג.
א פרעכער פויסט אין האנט מיך שלאָגט,
און עס טאנצט די ברעט,
און עס שווינדלט וואלד, און עס שווינדלען שטעט,
און אַף דינינק הערעלע מײַן לעבן הענגט.

איך געדענק.

...דרײַ טעג, דרײַ נעכט
אין דער שטאָט מײַנער דער סוינע שטעכט,
דער סוינע שעכט.
לעם מײַן פענצטער
דורך די בלוטנדיקע ליכט
גייט א כאָפּטע שיקער,
פירט א באנדע דורך דעם ייִנגסטן-שענסטן,

אינ זײַנ האנט — א רויטע פּאָנ פארוויקלט, —
מ׳פירט מײַנ הארצ מײַנ העלס
צו מײַנ גאָרטנ, צו מײַנ פעלדז
צעשיסנ.

דרײַ טעג, דרײַ נעכט
דער סוינע שעכט.

אפנ טאָג דעמ דריטנ —
מײַנע טירנ אופגעריסנ,
ס׳פליט אינ שטוב מײַנער ארײַנ ז׳י שכיטע:
— היי, באווײַז דײַנ רעכט
אפּ לעבנ!

אונ דורכ רויטע ריטשקעלעכ, וואָס פליסנ, פליסנ
אונ מײַנ ערד, מײַנ זונ פארגיסנ,
מ׳פירט מײַנ הארצ מײַנ העלס
צו מײַנ גאָרטנ, צו מײַנ פעלדז
צעשיסנ:
— היי, באווײַז דײַנ רעכט
אפּ לעבנ!

איכ געדענק:

...א שאָ.
אינ טיפער נאכט — א שאָ.
איכ הער דורכ ראדיאָ די שטרעקעס פונ אייראָפּע.
פונ א ווײַטער, ווײַטער שטאָט,
איבער טויזנט מײַל,
צו מײַנ שטערנדיקנ בלוי,
צו מײַנ שטיל,
צו מײַנ לײַכטער ווײַל —
געביל,
געוווי,
געהײַל
פונ ווילדע, פונ צעבושעוועטע כײַעס:
Heil! Heil! Heil!

צווישן א פּאָקסטראָט און א פּאָקסטראָט
די סאָנים מײַנע שרײַען:
Heil! Heil! Heil!

און עס שמעקט
מיט בלײַ,
און עס שמעקט
מיט מערדערײַ,
וואָס פון די הייכן פּעך און שוועבל שיט,
עס שמעקט
מיט רויבערשן באגער
צו פארשווארצן גאָר די ערד,
צו פארסאמען
גאָר די פרײַ.

איך געדענק די ווײ-געשרייען
פון שאנכײַ,
איך געדענק די פײַער-פלאמען
און די טאטעס און די מאמעס
פון מאדריד.

איך געדענק.

כ׳ווייס: די געפאר איז נעבן.
מײַן הארץ איז שטרענג,
און ס׳וויל מײַן הארץ ניט וויסן
קיין פארגעבונג.
פאר יעדן אומשולדיקן טראָפּן
ס׳דארף, ס׳מוז,
ס׳וועט מײַן הארץ באשטראָפן.

— — — — — — — — —

ה. דאָס גאנצע פאָלק

א ווײַטער שליאכ.
א גרויסע נאכט.
קיינ ריר.
קיינ שאָרכ.
נאָר אנ אויג שפירט.
נאָר אנ אויער האָרכט.

נאָענט, נעבנ, בלויז איינ שפאנ —
איז דאָס גאנצע פאָלק פאראנ,
גיב עס נאָר א שטילנ רופ —
אומעטומ עס שטייט דאָ אופ.
העט ארומ, אפ הייכ אונ טאָל
עס צעהילכט זיכ מיטאמאָל
דאָס גאנצע פאָלק,
דאָס מעכטיק׳פאָלק.

זאָל נאָר דורכקלינגענ א קאָל
וועגנ אופבליצ פונ געפאר —
אָט אפ דעמ-אָ שפיצ פונ בארג,
אָט דאָ לעבנ, פעסט, ווי שטאָל,
קומט ארויס אונ קראפט באווײַזט
מאנ, אונ פרוי, אונ קינד, אונ גרײַז —
דאָס גאנצע פאָלק,
דאָס ריזנ-פאָלק.

שטערנ גילדענע זיכ באָדנ
אינ דער טיפ פונ טײַכ.
עמעצ האָט אָט דאָרטנ דורכגעטראָטנ

גנייוויש-לײַכט ?
ס'האָט א שאָטן
צווישן קוסטן דאָרט אדורכגעשלײַכט ?

גרויסע אויגן,
שטארקער אָטעם —
קעגן ווילדן קיניגרײַך.
גרויסע אויגן.
לויטערער געמיט.
און דער אָדלער-פויגל,
און דער אָדלער-פויגל פון געשיכטע
פליט
איבער וועלטן-מיט,
און מיט גיבערישע קריגן,
און מיט אונדזערע, די ריינסטע זיגן,
און מיט אונדזער צוויט,
און מיט אונדזער ליד
ווייען זײַנע פליגל.

טריט ?
א ?
טריט ?
שטיל—שא.
קיינער ניט.
גאָרניט ניט.

נאָר דאָס גאנצע פאָלק איז דאָ,
נאָענט, נאָענט, אָט-אָ דאָ,
און אן אויג וואכט,
און אן אויער וואכט.
א ווײַטער שליאך.
א גרויסע נאכט.

## ו. באגינען

איך האָב געזען א כאָלעם אינעם הויז באַם סאמע ברעג.
עס האָבן מיר געכאָלעמט זיך די צוקינפטיקע טעג.

א באגינען איז געגאנגען, ווי א טרוים,
אריבער בארג, אריבער טײַך, אריבער זוים,
איבער גאָר דעם רוים,
וואָס ווייסט שוין מער קיין זאָרג ניט און קיין צוים.

קינדערלעך,
זינגענדיקע מיידעלעך,
קוועלנדיקע ייִנגעלעך
האָבן מיך גענומען שלעפן, ציִען
צו דער שײַנענדיקער בליִונג
פונעם ווונדערלעכן בוים,
צו די פריידיקע געזאנגען
אפן יונגן פעלד.

א באגינען איז געגאנגען, ווי א טרוים,
אריבער בארג, אריבער טײַך, אריבער זוים,
איבער גאָר דעם רוים,
איבער גאָר דער וועלט.

האָב איך אופגעוואכט
בא דעם ווײַטסטן שליאך.

די טיר — אָפן.
דאָס פענצטער — אָפן.
אפ הייך און נידער —
ליכט זיך שפרייט.
אפ הייך און נידער —
א באגינען גייט.

און באַם סאַמע ברעג,
קעגן בערג פון שרעק,
נעבן, נעבן, בײַ מײַן שוועל,
בײַ דעם אָנהייב פון מײַן וועלט
שטייט מײַן פרײַנט באַוואָפנט,
שטייט מײַן לעבן און ס'ע היט
דעם באַגינען, און די ליד,
און דעם צוקינפטיקן געגאַלד,
און די קינדערלעך, וואָס זינגען,
און מײַן האַרציק שטרעבן,
און מײַן איינציק לעבן.

# הויכע פּאָן

א. אומגעפאלענע גרענעץ

דורך גרענעץ אומגעפאלענער דאָס פּאָלק אין שטרענגע פּאָלקן.
עס האָבן זיך א לאָז געטאָן דער דניעפּער און די וואָלגע —

פון קלעם ארויסנעמענ דעם בוג, דעם ניעמאַן,
און ס׳גייט מיט זיי די הויכע פאָן פון קרעמל.

ס׳גייט מעכטיק, פײַערלעך דער הארבסט פון נײַן און דרײַסיק.
דאָס פעלד איז פול מיט גרויסע, רוישנדיקע נײַסן.

מײַן יונגער פרײַנט, דער פלאמענדיקער, דער פארגלייבטער רײַטער,
פליט סטעפּן דורך, און שטעט געפּענטעטע באפרײַט ער.

דער סוינע לויפט, אנטלויפט, און אין די ברייטע גיטער
זיך שטעלט דאָס פאָלק — פון גוטס פון אייגענעם א היטער.

פארנאכט נאָך שלאכט, און אופגערירט א שטאָט איז,
און ס׳צינדט זיך אָן א רויטער שטערן אפן ראָטהויז,

און פרוי׳ען הערן דאָס געזאנג פון מאָסקווער ראדיאָ־טורעם.
באם טויער פון דער שטאָט צוויי בראָנזענע פיגורן

דעם וועג צו געגנטן, וואָס וועלן אייביק פרײַ זײַן,
צום זיג צום פרעכטיקסטן דעם שליאך באווײַזן,

און אונדזער פאָן אפ דאכוועסן טוט פלאטערן און שטראלן,
און קינדער ערשט-געראטעוועטע שעפּטשען: לעניִן, סטאלין.

און אַז די רײַטער זײַנענ צוגעקומענ צו דער סאַרנער געגנט,
האָט זיכ א רײַטער אָפּגעטײלט, בא לײַט געגומענ פרעגנ:
— ווו איז דאָ סטאַנציע פּאָליצע? — אוועק אפ זײַטיק שטעגל
מיט כאַווער זיכ באַגעגענענ און שמועסנ א רעגע.

און כאָטש קיינ שטיינ נישטאָ דאָרט, קיינ מאַצייווע,
געפונענ האָט דער רײַטער יענעמ ברודער-קייווער,
אראָפּ פונ פערד, די ערד געטאָנ א קוש:
— כ׳ברענג, דיכטער ליבער, פונ כאַווײרימ דיכטער דיר א גרוס.
אפ גרויסנ וועג עס נעמט דיכ מיט דאָס הארצ מײַנס.
די רויטע רײַטער יאָגנ ווײַטער, שוואַרצמאַנ! —

און אַז דער יונגער רײַטער האָט ארײַנגעיאָגט
אינ גראָדנע-שטאָט, אינ לוואָוו דער שטאָט, אינ ביאַליסטאָק,
האָט דיכטער יידישער די הענט געדריקט
דעמ פאָלק, וואָס איז ארויס פונ טונקלענ ליק
צו זיג, צו גליק.

# לעצטער אָוונט

עס איז געווען א יוני-אָפּדערנאַכט. אמאָל. אמאָל. אמאָל.
דורך מאָסקווער טעאַטראַלנע פּלאַץ געגאַנגען צווייען.
מ׳האָט „סאַלאַווּאַט יולאַיעוו" דאַן געוויזן אין קינאָ אין „מעטראָפּאָל".
— מיר וועלן מיט א רעגע שפּיין דאָס מידע האַרץ דערפרייען.—
און מיטאַמאָל: — אוי, זע! — ס׳איז ציטעריק געווען מיין קאָל
צו דער באַגלייטערן פון אַלע פריידן, ווייען.
— אוי, זע נאָר, זע, ס׳איז עפּעס אַזא טונקלקייט געפאַלן
אַף אונדזער הויכער שטאָט און אַפן פּלאַץ דעם טעאַטראַלן.—

פאַראַנען צייכנס אַף דער וועלט, פאַרשטעלט אין זייער סמאַך.
און אָנדייט קומט פון רייכעס, שטראַלן, וואָלקנס, וואָגלענדיקע פונקען.
ס׳איז ניט קיין מיסטיק, ס׳איז דאָס אויג, וואָס האָט געזען א סאַך,
די טיפּ, וואָס גרינג דערשפּירט די יאָגנדיקע עמעס-וווּנקען.
אין יענער שאָ, אין יענעם אוריגנבליק, אין יענעם אָפּדערנאַכט:
— ס׳איז אַלץ, ווי פריער, נאָר אַזא מעשונעדיקער טונקל!
דער זעלבער פּלאַץ, די זעלבע מויערן, דער זעלבער טראָטואַר,
נאָר ס׳האָט מיט צאַר פאַרכמאַרעט זיי דער אָנקום פון געפאַר. —

מעטראָ. די קרעמל-וואַנט אין ווייטן. דאָס פאַראייגען-היִיז.
און הויך אַפן געבייי פונעם טעאַטער פונעם גרויסן — די מערקאָווע.
און הויך אַף קעפּ פון צווייען הענגט א הימל-פּאַסיקל א בלויס:
אַף פעלדער פונעם פּאָטערלאַנד א שעפע ווערט געכאָוועט.
— דו זע. וואַרט אויס. אָ, זע. עס איז א שווערד אַנטבלויזט.
סאַקאָנע כ׳שפּיר, קאַנאָנען כ׳הער אין אָט דעם אָוונט.
אוי, זע, מיינע אויסגעכאָלעמטע: ס׳איז נאָענט ראַשיקע געשעענגיש.
כ׳זע אַש, כ׳זע בלוט. מיר דאַכט זיך, אַלע, אַלע זעען עס. —

פאַראַנען צייכנס אַף דער וועלט מיט ווונדערלעכן, ריזיקן באַטייט:
ס׳איז ניט קיין מיסטיק, ס׳איז דעם האַרצס גרויס-אויגיקע דערפּאַרונג.

אין יענעם יוני־אָוונט איז פון ווײַטער מײַרעוודיקער זײַט
געגאנגען צו דעם מיטן פונעם מיטן וועלט—א כמארע.
מיט קומענדיקן דונער האָט א בליץ געטאָן, א וווּנק געטאָן די צײַט—
פון קרידע־יאם און ביז די קאנטן פון גאניידנדיקער ווארעם.
די ברייט, די לענג געווען איז שטרענג און הארב און שטום.
א קנאל אן אויסבאהאלטענער האָט שטיל מיר אײַנגערוימט:—איך קום!—

און כ׳האָב אף אלץ ארום, אף זיך, אף לײַט געטאָן א קוק.
דער טונקל וואקסט. מיר אונטער לעצטן פאסיקל פון בלוי גיי׳ן.
מײַן שטאָט האָט צען וואָקזאלן, און פון אלע יאָגן צוג נאָך צוג—
צו זומער פרידלעכן עס יאָגן באנען פײַל פון בויגן.
שוין טויזנט מאָל האָט צוגערוקט זיך טויט, נאָר ניט פארצוקט,
נאָר ניט פארטיליקט זײַנען מײַנע זעערישע אויגן.
אצינד — אוי, קינד — אף אלץ, צו וואָס מיר וואקסן און מיר גארן,
עס גייט, עס פליט פון מײַרעוו־זײַט די כמארע פון די כמארעס.

יאָ, מאָרגן, איבערמאָרגן קומט דער הילכיקסטער געוויטער אָן.
יאָ, מאָרגן, איבערמאָרגן וועט דאָס פײַערדיקע נײַעס טרעפן.
באדעקט האָט וואָלקן גרויזאמער די שטרעקע פונעם ניעמאן ביזן דאָן,
פון וואָלגע־טײַך און ביז ישוּוים יִדישע באם דניעפּער.
איר, קינדער אופגענערטע אונטער לענינס אייביק־שײַנענדיקער פאָן,
אוי, דו, נעשאָמע מײַנע מיט דער ציטעריקער אָפּגעהיטער שעפע,
אוי, טײַכן מײַנע זילבערנע, אוי, גינגאָלדענע שטעט,
אָט מאָרגן, איבערמאָרגן קומט עס און געשעט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און סאלאוואט יולײַעוו האָט אף פערד אף היציקן דורך סטעפּן דורכגעיאָגט,
און סאלאוואט יולײַעוו האָט באשקירן מיטגעבראכט צו פוגאטשאָוון...
נאָר ווײַט, נאָר בלייך געווען דער איינעכטיקער, אָפּגעלעבטער טאָג—
אף טאָלן, גראָבנס אף אמאָליקע א נעפלעניש א גראָווע.
כ׳האָב שוין דעם קלונג פון גלאָק געהערט — פון לוואָוו און ביז
וולאדיוואָסטאָק.
איך האָב שוין דעם אליארעם־קלונג געהערט אין יענעם שטילן אָוונט.
כ׳בין שוין דורך שטעט פון לאנד געגאנגען מיט אויגן — אויערן מיט
צוגעשמדטע
צום טראָט צום נאָענטן, צו אָטעם נאָענטן פון אומגעהײַערן געוויטער.

ס'איז אונדזער גאַנג צוריק געווען דורך ליקן שפּעט, העט שפּעט.
געדוט האָט מאָסקווע, ס'האָט געדוט אַרכאַנגעלסק, סעוואַסטאָפּאָל.
עס זײַנען אין אַ זומער־נאַכט געשלאָפֿן מײַנע פֿעלדער, מײַנע שטעט.
מיט הויכע טאָפּאָלן אַף בערג איז קיִעוו שטיל געשלאָפֿן.
ס'האָט כאַלעם זוניקער די קינדערלעך צום לעצטן מאָל געגלעט.
איך האָב די אויגן צוגעמאַכט, געבליבן זײַנען אָפֿן
די אויגן פֿון נעשאַמע מײַנער. אינעם שטיבל באַם שאָסיי
כ'האָב צוגעשפּאַרט זיך: — אַ? מע הערט ניט קיין געשריי? —

אין שטיבל הילצערנעם לעם שליאַך, וואָס פֿירט קיין לענינגראַד,
כ'האָב יענע נאַכט געדרימלט און האָב ניט געדרימלט.
איך האָב געהאָרכט דעם שאָרך פֿון יעדן גרעזל און פֿון יעדן בלאַט.
איך האָב געהאָרכט דאָס פֿלאַטערן פֿון יעדן שטענגעלע, פֿון יעדן בלימל.
— אַ? האָבן נאָך ניט אָנגעשיקט דער גאַזלען און דער קאַט
די קוילערס אַף דער ערד, די ראָצכים אינעם הימל?
ס'איז שטיל? ס'גייט קיינער ניט? עס האָט נאָך ניט געטראָפֿן?
דעם וואָפֿן גרייט, מײַן פֿאָטערלאַנד! דעם וואָפֿן גרייט! דעם וואָפֿן!

## ערשטע טעג

א. צעשמעטערן!

ער זאָל ניט קומען מיט דער האק דער בלוטיקער
אין שיינע שטעט אריין —
צעברעכן אים! צעמיימעסן!
צעשמעטערן!

ער זאָל קיין בייז, קיין שאָדן
אין די העלע לענדער טאָן,
ער זאָל ניט טאנצן
אף געשאָכטענע און אף געשענדעטע.
ער זאָל קיין שפאַן
אין קאנטן ליכטיקע, אין קאנטן ווילע טאָן,
ער זאָל ניט אופשטעלן קיין בערג
פון קינדער פון געקוילעטע —

מיט פאָלק מיט ריזיקן, מיט פויסט מיט שטאָלענער
דעם וועג פארסטאָמפען אים!
אין פרעכן הארץ זיינעם אין כיישן —
א גוטע באָמבע אים!

און ווער וועט איצט געבויגן זיין?
און ווער וועט איצטער טרויערן?
דער סוינע בא די טויערן!

ס'זאָל קיין געפאר קיין פינצטערע
אף טאָג און נאכט ניט לויערן —
עס גייט דאָס פאָלק
אין לעצטן קריג אין אומגעהייערן,
עס גייט אין שלאכט
דאָס מעכטיק', פאָלק פון ארבעטער און פויערים.

אינ שלאכט עס גייט מיט יונג אונ אלט,
מיט קינד אונ פרוי אריַינ, —
דער סוינע בא די טויערנ !

אונ יעדע צוגעגרייטע קויל
זאָל טרעפנ אינ זייַנ שווארצ אריַינ !
אונ יעדע צוגעגרייטע קויל
זאָל טרעפנ אימ אינ הארצ אריַינ !

אונ שאָמרימ אונדזערע אינ הייכ
אימ זאָלנ שטייַפ פארקלאמערנ !
אונ אונדזער האמער אפ דער ערד
זאָל אימ אפ שטויב צעהאמערנ !

גיי פעסט אדורכ דייַנ גרויסנ וועג,
מייַנ רויטארמיי מייַנ טייַערע !
גיי שטאָלצ אדורכ דייַנ גרויסנ וועג,
מייַנ שיינע וועלט-באפרייַערנ !

מיט פאָנענ מיט צעפייַערטע
באזיג אימ, טרייַע רעטערנ !
אפ יאמענ אונ אפ טריקעניש,
דורכ אלע בייזע וועטערנ —
צעברעכנ אימ ! צענעריקנ !
צעמיימעסנ ! צעשמעטערנ !

יונ 1941

## ב. אונדזער פאָן איז גערעכט!

כ׳רייד אזוי מיטן לאנד אינעם וואך זיין פון נעכט:
„איצטער גיי׳ן מיר ארויס אפ א גרויסן געפעכט.
אונדזער פאָן איז גערעכט! אונדזער הארץ איז גערעכט!

ווו עס איז נאָר פאראנען א ליכטיקער העלד,
א גיבער א ריינער, א מענטש אפ דער וועלט —
ער קומט און אין אונדזערע רייען זיך שטעלט.

איבער שטאָט, איבער דאָרף, איבער בארג, איבער טאָל
קומט א כאַיל איצט אוף אָן א ברעג, אָן א צאָל,
קומט א כאַיל איצט אוף, וואָס איז ריין ווי קרישטאָל,

און עס נעמט אונדזער מעכטיקע שטאָלענע שווערד,
און פון נידער ביז הימל א שטים זיך דערהערט:
— עס איז הייליק דאָס לאנד! עס איז הייליק די ערד!״

כ׳רייד אזוי מיטן לאנד. אין די פלאמען פון קריג:
„דארף איך ווערן אין פייער אין גרעסטן געשיקט
פאר דיין ערד, פאר דיין הייך, פאר דיין זון, פאר דיין גליק—

בין איך שוין, בין איך שוין, בין איך טייקעפ שוין גרייט,
איך וועל גיין מיט געזאנג, איך וועל פאָלגן מיט פרייד, —
זאָל זיך שפרייטן דאָס ליכט אפ דיין טייערער ברייט!

אונדזער כאַיל וואקסט אוף, נאָך און נאָך קומען אָן.
און מיין הארץ איז אין קאָן, און די וועלט איז אין קאָן.
זיגן וועט אונדזער פאָן, — ס׳איז גערעכט אונדזער פאָן!״

יוני 1941

## ג. מיר געזעגענענ זיכ

זײַנענ געקומענ דרײַ דיכטער צו גייענ —
צוויי קאָמאנדירנ, איינ רויטארמייער —
מיט מיר אינ מײַנ שטוב זיכ געזעגענענ
פאָרנ זיכ לאָזנ אינ וועג ארײַנ.

געווענ איז עס זומער, זומער פארנאכט,
אונ ס׳האָט אינ דער לופט שוינ געעטעמט מיט שלאכט,
מיט פליִענ אינ פלאמיקע טעג ארײַנ.
— לאָמיר זיכ, כאווער, געזעגענענ! —

געווענ איז דאָס אָוונטברויט כאוועריש-פראָסט,
מיר האָבנ אינפירנ געהויבנ א טאָסט,
איינ פײַערדיק וואָרט בא איטלעכנ:
— שלאָגנ, דערשלאָגנ היטלערנ!

עס גייט שוינ. עס קומט שוינ, אָט איז די מינוט,
ווענ לויִנ וועט ער קריגנ פאר יאמענ מיט בלוט, —
פאר ברידער, וואָס ער האָט צעמאָלט דאָרטנ,
וועט קייפל-קיפלאִים באצאָלט ווערנ! —

געקוקט האָט אינ פענצטער א זומער-פארנאכט.
לעמ טיש האָט די ביקס, דער רעוואָלווער געוואכט.
דעמ לאנד, וואָס צו גליק האָט געבוירנ אונדז,
זיגנ — מיר האָבנ געשווירנ זיכ.

אונ מונטער אונ שטאָלצ איז געווענ דער געמיט,
אונ יעדער פונ אונדז האָט געלייענט א ליד:
— „צו פריילעכע פרילינגנ-זומערנ
מיט גדויסנ ניצאָכנ זיכ אומקערנ!”

און כ'האָב זיי באַנאַכט באַגלייט צו דער טיר.
האָט געזאָגט רויטאַרמייער, געזאָגט קאָמאַנדיר:
— וווּהין ס'זאָל דער קריג ניט פאַרשלעפּן אונדז,
אין פרייד און אין פרייד לאָמיר טרעפן זיך! —

און הייס זיך צעקושט און די הענט זיך געדריקט.
געוואַכט האָט רעוואָלווער, געוואַכט האָט די ביקס.
— אַף וועגן-געשלעגן אַף גליקלעכע!
שלאָגן, דערשלאָגן היטלערן!—

אין טיפן פון נעכט כ'הער זיך איין און דערהער,
ווי זיי יאָגן אַף פערד, ווי זיי האַקן מיט שווערד.
צו דעם ריזיקן פעלד, ווו זיי שלאָגן זיך,
כ'וועל יאָגן, כ'וועל יאָגן, דעריאָגן זיי.

און זיין כ'וועל מיט זיי אין די הייליקע טעג,
און זיין כ'וועל מיט זיי אינעם רויש פון געשלעג,
אינעם הילך פון די שטאַרקסטע געוויטערן:
— שלאָגן, דערשלאָגן היטלערן!

יוני 1941

# אינ וואלד

אינ שניי — דער אופשייַנ פונ דער זונ.
אינ שניי — דער זונ-פארגאנג.
שוינ לאנג, שוינ לאנג, שוינ זייער לאנג—
א כוידעש, צי א יאָר, צי א יאָרהונדערט? —
מיר האָבנ שוינ פארגעסנ, וויפל טעג מיר וווינענ שוינ
אינ וואלד פארשאָטענעמ, אינ וואלד קאדמוינישנ.

פונ קליינלעכס אונ געוויינלעכס אָפגעזונדערט,
פונ קליינלעכס אונ געוויינלעכס אָפגעשיידט,
צומ טרעפנ אויג אפ אויג דעמ סוינע,
צומ טרעפנ אויג פאר אויג דעמ סוינע
גרייט —
מיר האקנ סאָסנעס אינעמ וואלד,
מיר גראָבנ ערדשטיבער —
אינ באָדנ קרירעדיקנ—טונקעלע געצעלטנ.

אפ סאָסנעס אונ אפ אונדז עס שנייט אונ שנייט,
אונ מיטאמאָל א נעמ גיבנ די שטארקע קעלטנ.
פונ אלעס אונ פונ אלעמענ דערווייַטערט,
ווי נעזירימ, דורכגעווייטעקט, אויסגעלייַטערט,
מיר טאָגנ אונ מיר נעכטיקנ לעמ גרויסע שייַטערס.

אונ שטרענג דאָס הארצ אונ כמארנע איז דער קוק.

גיט מענ זיכ צומ פלאמ א רוק—
גיט דער פלאמ א ברענ ס׳געזיכט, די ברוסט, די קני.
גיט מענ זיכ פונ פלאמ א רוק—
גיט דער פראָסט א שנייַד, א ברי, א גלי.

א יאָר, צי א יאָרהונדערט, צי א כוידעש?
און נאָענט איז דער פּײַנט.
און נאָענט איז די שלאַכט,
און נאָענט איז דער טויט דאָ.

אינ שנײ צום אופגאנג גרויט.
אינ שנײ די שקיִע — פלאקער-רויט.
אינ שנײ — דער טראָט. אינ שנײ — דאָס בעט. אינ שנײ — דאָס ברויט.
און ס'איז פארהארטעוועט דאָס הארצ פונקט ווי די הויט:
מיט טויט מיר דארפנ אײַנברעכנ דעמ טויט.

ווער זײַנענ מיר? באמ לאנד — די פרײַע היטער.
ווער זײַנענ מיר? באמ פאָלק — די טרײַע ריטער.
ווער זײַנענ מיר? די שאָמרימ פונ די שענסטע גיטער.
זײַ פעסטער, פוס! זײַ, האנט, געניטער!
פארשטײַפ זיך, לײַב, אינ פלאמ-געוויטער!

שוינ נאָענט דער געשלעג, שוינ גיך, שוינ גיך.
מיר זײַנענ לעבעדיקע, וואָס געהערנ שוינ ניט זיך.
דאָס ליכט פונ גרענעצ וועלט און טיפ-נעשאָמעדיקנ פליכט
דורך כמארעס פונ די אויגנ שלאָגט אדורך.
שוינ נאָענט דער געשלעג. גאָר נאָענט איז דער סוינע שויב.
יאָג דורך די גאנצע וועלט און זוך מיך, זוך, —
ווערסט ניט געפינענ מיך: איך לעב אינ וואלד קאדמוינישנ.
כ'בינ טעג און נעכט א רינגל אינ א גרויסער וועכטערישער קייט.
אינ שנײ די זונ גייט אופ. אינ שנײ די זונ פארגייט.
אפ סאָסנעס און אפ אונדז עס שנייט און שנייט,
אפ סאָסנעס און אפ אונדז, אפ אונדזער שטאָלצנ פרײַ גייג
אקעגנ טויט, אפ אונדזער מעכטיק שווײַגנ.

כ'האָב שטילקײַט ליב, און ווערטער כ'וויים א סאך.
דאָ האָב איך אויסגעלערנט זיך די שיינע שפראך
פונ לײַב, פונ הארצ, וואָס גרייט איז אומצוקומענ,
די שפראך פונ לעצטנ שווײַגנ און פונ לעצטנ שטומענ.

שוינ נאָענט דער געשלעג. גאָר נאָענט איז דאָס בלוט דאָ.

קאיאָר אפ שטעג פארהורבעטנ א מענטש א סאָסנע שלעפט.
— וואָס מאכט מענ, פרײַנט? — דערוויל מע לעבט.

ווער ווייסט, צי וועט מען מאָרגן לעבן, ברודער.
נאָר כ'וועל דאָס לאַנד ניט אָפּגעבן צו שפּאָט און שאַנד.
דו זעסט מײַן האַנט? אַן אײַזערנע — די האַנט! —

אַף באַרג און טאָל,
אַף סאָסנעס און אַף יעלן
די קרירע מאָלט
גרויסאַרטיקע געמעלן,
די קעלט
טוט אָן די וועלט
אין דימענטן, אין קרעלן.

אינצווייען קוקן מיר דעם שנייען־וואַלד
פון אונדזער שוועל אָן:
— נו, זאָג אַליין: ניט שיין?
ס'איז דיר געפעלן? —

אַ מעסט די ווײַסע פּראַכט
מיט שטרענגן אויג, מיט אויג מיט האַרבן:
— ס'איז זייער שיין.
נאָר מיר זײַנען אַהער געקומען גרייט זײַן אויך צום שטאַרבן.
ביזן טויט, פאַרן טויט
צעברעכן וועל איך היטלערן דעם שאַרבן. —

מע וועט אַמאָל מיך אויפוועקן פונעם שלאָף דעם טיפסטן,
פונעם שלאָף דעם זיסטן.
מע וועט מיך פרעגן: — זאָג אונדז, וואָס געדענקסטו? —
כ'וועל אָנרופן די טעג די שטרענגסטע,
די שטומעניש פון פופצן טויזנט קריגער־אירע
פאַר דער שלאַכט, אין וואַלד, אין ברענענדיקער קרירע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין ערדשטיבל אין טונקלענע — צוואַנציק הילצערנע געלעגערס.
און דער באַפעל דאַרף אָנקומען. שוין גיך, אָט — נאָך אַ רעגע.

ער יאָגט מיסטאָמע שוין אַף אַ פערד אַ היציקן, אַ בליציקן אין וואַלד.
ס'איז נאַכט. ער וועט באַלד אָנקומען. אָט באַלד, אָט באַלד

וועט זיכ אנ עפנ טאָנ אונ ס׳וועט א קלאַפּ געבנ דאָס טירל.
ס׳וועט דער באפעל אריינ אונ אונדז אוועקפירנ אינ קרירע.

אינ ערדשטיבל אינ טונקלענ — צוואנציק קאָמאנדירנ.
מיר האָבנ שוינ פארפאקעוועט די פעק.
מיר האָבנ זיכ שוינ צוגעגרייט צומ וועג.
מיר זיצנ שווייַגנדיק, א בינטל ברידער.
אינ אויגנ — די געזעגעניש, די פעסטקייַט אונ דער ווידוי,
דער פאָכע מיט דער האנט צו ווייַט, צו ווייַב, צו קינדער.

מייַנ שאָכנ, דער ראדיסטנ-אָנפירער, דער פריילעכער דערפינדער
(כ׳האָב ליב צו זענ, ווי אינ דער טיפ פונ וואלד אוועקגעטראָטנ,
ער האָט צו טאָנ, דער בעריע, מיט די מאשינעריעס, מיט די דראָטנ,
באמ פאָלק מייַנעמ — דער קלאנגענפאנגער אונ דער וועלט-פארבינדער),
מייַנ שאָכנ, דער ראדיסטנ-אָנפירער, דער פריילעכער דערפינדער
זאָגט שטיל צו מיר אזוי:

— כ׳האָב אָנגעזאָגט דער פרוי:
ווילסט האָפנ — האָפ.
כ׳וועל זיכ ניט אומקערנ ביזנ סאמע סאָפ.
כ׳וועל זיכ ניט אומקערנ, ביז ס׳וועט דער פייַנט ניט זייַנ באשטראָפט.
אונ אויב כ׳וועל בלייַבנ ערגעצ ליגנ מיט צעהאקטנ קאָפ,
דו עס זיכ, ליבינקע, דאָס הארצ ניט אָפ.
ווייַזט אויס, באשערט אזוי מיר. זאָלסט ניט דייַגענ! —

אונ מיטאמאָל גיט דער ראדיסטנ-אָנפירער א שפרונג:
— ביזוואנענ וועלנ מיר דאָ זיצנ אָט אזוי אונ שווייַגנ?
זאָל פריילעכ זייַנ! זאָל זייַנ געזונגענ!
זאָל דאָ א שפריצ געבנ מיט קויעכ יונגנ!
זאָל פריילעכ זייַנ! — אונ אויבנ, אויבנ, אויבנאָנ
עס ווערט אוועקגעשטעלט דער פאטעפאָנ.

די הערצער וואכנ אופ, אונ שמייכלענ זיכ צעפינקלענ
אפ אלע פענעמער, אינ אלע ווינקלענ.

אונ עס צעקלינגט מייַנ לאנד זיכ מיט דער העלסטער העלקייַט.
אונ עס צעזינגענ זיכ אינ לאנד מייַנעמ די פעלקער.

אוקראַינע זינגט. ס׳זינגט טורקעסטאַן. און ס׳זינגט קאַווקאַז.
זאָל, פּײַנט, דיך פלעטן אונדזער פרייד, ווי אונדזער האַס!

ס׳קלינגט שפּאַס. און יונגקייט טאַנצט. און ס׳הילכט געלעכטער.
אין סאָד, אין קאַראַהאָד עס שפּילן בליִענדיקע טעכטער.

ס׳וועט פאַלן, סוינע, אונטער קראַפט פון אונדזער שיינקייט
די פרעכקייט דײַנע, דײַן פאַרבלוטיקטקייט און דײַן געמיינקייט!

איך זיץ פאַרטראַכט אין ווינקל, לעם דער וואַנט.
גייט איינער צו און זאָגט מיר: — מוזיקאַנט!
וואָס זיצסטו עס אזוי פאַרומערט, ליבער?
עס האָט דיר עפּעס, טײַערער, דאָס האַרץ פאַרגליווערט? —

און פּלוצעם — פּלוצעם — מיטאַמאָל —
קלאַנגען קענטלעכע, אַ קענטלעכע קאָל.
קלאַנגען זילבער, קלאַנגען גאָלד.
ס׳ווערט ליכטיקער אין ערדשטיבל און אופגעריכט די שאָ איז.

מיכאָעלס ... זינגט? עס זינגט מיכאָעלס?

עס זינגט מיכאָעלס אינעם וואַלד, אין ערדשטיבל דעם ניגן
פון פאָלק מײַנעם, פון קינדהייט מײַנער, פון מײַן וויגל.

ס׳זאָל מיר ניט שווער זײַן, ס׳זאָל מיר אָפּן דאָרנדיקן וועג ניט ווי טאָן,
עס איז מײַן פאָלק געקומען זיך געזעגענען און מיך באַגלייטן.

אַ וועסנע ברייט צעשפּרייט זיך, און דער הימל בלאָ איז.
מיכאָעלס זינגט. עס זינגט מיכאָעלס.

פון ווײַט, פון ווײַט,
פון גאָר דער פריִערדיקער צײַט,
פון גאָר דער פריִערדיקער איידע,
פון שײַטערס פלאַמענדיקע
און פון געגעמדיקע לײדן
געקומען איז אין טונקלען ערדשטיבל
מײַן גראָוער זיידע,

דאָ, פארן וועג מײַנעם מיט מיר א רעגע ריידן.
דער שטאָלץ פון פאָלק מײַנעם מיט מיר אָט דאָ, אָט דאָ איז.
מיכאָעלס זינגט. עס זינגט מיכאָעלס.

עס יאָמערט ירמיָע,
און ס'גייט מיט דונערן אדורך די וועלט ישעיָע.
און קינדער טאַנצן אינעם ראטנלאנד,
קינדער לעבעדיקע, קינדער פרײַע.
און ווייטעק שרײַט, און צאָרן גליט.
און גיבער־קראפט שפאנט אָפּגרונטן אריבער מיט א ליד.
עס שטורעמט מוט פון מורדים, און אין בלוט קומט אום די צניעס.
עס שטומען גרויסע בערג פון קדושים אף די בערג אף קיעווס.
און ס'פרעסן, פרעסן און צעזעצט ווערן די כּײַעס־ראָעס.
און ס'קומט די אויסלייזונג, ס'קומט דאָס געצאָלטס.
און ווידער הויך מײַן פאָלק איז, ווידער שטאָלץ.
מיכאָעלס זינגט. עס זינגט מיכאָעלס.

און ווידער טאַנצן פרײַע קינדער אף די ליבע פלעצער,
אין די שיינע גערטנער אונטער רויטן שטערן...

— זעצט איבער, כאַווער איבערזעצער... —
זעץ איך איבער, און די רויטע קאָמאנדירן הערן.

און אף שטעג פארהורבעטן לעם טיר צעסקריפּעט זיך דער טראָט.
און ס'גיט אַן עפן זיך די טיר, און ס'גיט דער שניי א שאָט.
ס'פליט דער באפעל ארײַן און גיט א שרײַ, א רוף, א הייב, א וועק:
— אין וועג אַרײַן! אין גרויסן וועג!

— В поход! —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מע גייט. מע גייט. מע גייט.
מע גייט דורך שטעכיקן מעסלעס.

מע גייט. מע גייט. מע גייט.
מע גייט דורך שנייען און דורך פרעסט.

די ליפּן שטײַפֿ צונויפֿגעפּרעסט,
מיט לײַב פֿאַרפֿאַנצערטן די ראַכוועסן מע מעסט:

מע גייט פֿאַרטיליקן די שוואַרצע געסט!

מע גייט. מע גייט. מע גייט:
דאָס האַרץ פֿאַרפֿאַנצערט איז. דער טראָט איז פֿעסט.

און ס'קוקן וועלדער אוראַלטע, ווי מיר פֿאַרבײַגיי'ן.
און פֿאָכען אַף די קעפּ אַף אונדזערע מיט די פֿאַרשנייטע צווײַגן.

און פּערל שיטן זיך אַף אונדז, אַף אונדזער טרײַ גייען
אַקעגן טויט, אַף אונדזער מעכטיק שווײַגן.

און ס'גייט מײַן פֿאָלק מיט מיר: — איך האָב דיך אויסגעכאָוועט
און קלאַנגען דיר געשענקט, פֿון פֿרי ביז אָוונט,
פֿון אָוונט און ביז פֿרי איך בין מיט דיר, מיט דיר, מיט דיר,
ס'זאָל דיך דער בייזער פֿײַנט ניט טאָן קיין ריר,
ניט האָבן זאָל אַף דיר דער טויט קיין שליטע.
איך גיי מיט דיר, און כ'וועל דיך היטן, היטן.

און ברידער לאַנג פֿאַרשטאָרבענע און פֿרײַנט אָט ערשט געטייטע
פֿון ווינטער-צווינטערס שטייען אויף און גייען מיך באַגלייטן.

עס שיט זיך שניי אַף קאָפּ מײַנעם, און, דאַכט זיך, עס איז פּערל,
עס שיט זיך שניי אַף קאָפּ מײַנעם, און, דאַכט זיך, עס איז טרערן.

און לעבן ווערט מיר גרינג, און שפּאַנען איז מיר גרינג.
אין ווײַט — אַ וועסנע זיך צעשפּרייט. דער הימל בלאָ איז, בלאָ איז.
מיכאָעלס זינגט.
עס זינגט מיכאָעלס.

# מ׳טנ פּאָלק

איכ שפּאַנ אַדורכ די ברייטע אונ די טיפע קאַנטנ
מיט יונגינקע, מיט שמייכלענדיקע לייטענאַנטנ
אונ מיט מאַיאָרנ — מיט באַיאָרטע מענער.
אונ אַז אינמיטנ גאַנג, אינמיטנ וועג —
— ווער בינ איכ, — גיבנ זיי באַ מיר אַ פרעג, —
— אַ דיכטער?

— Это ценно... Это очень ценно...

אונ אַז פּאָשעטע אונ פּראָסטע לײַט,
וואָס גייענ דורכ די וועלדער קעגנ ווילדנ דײַטש,
אַרבעטער פונ ווײַטסטע שטעט,
פּויערים פונ פּאָלק, אינ וועלכנ כ׳דינ,
פרעגנ מיכ, פונוואַנ אונ ווער אונ וואָס איכ בינ,
גיבנ זיי מיט אויגנ מיכ אַ גלעט,
ווי פּאָשעטע אונ פּראָסטע מענטשנ קענענ:
— אַ פּאָעט?

— Это ценно... Это очень ценно...

אונ אַז אינ שלאַכט אַפּ שליאַכ מיכמײַלאָווער דער פּראָסט מיכ פלעט,
אונ רויטאַרמייער — גוטע זינ פונ מײַנ מעדינע —
אינ שניי אַ גויסעס מיכ געפינענ —
זיי טראָגנ מיכ אַרויס פונ פײַער,
ווי ברידער ווי געטרײַע.
זיי טראָגנ דורכ מיכ אַפּ די אַקסלענ דורכ אַ מינענפעלד,
זיי ברענגענ מיכ אַפּ אַקסלענ אינ אַ פּויעריש געצעלט
אונ גיבנ מיכ די ווייכענדיקע פרויענ איבער
אונ זאָגנ שטרענג, מיט טרויער אונ מיט ליבע:
— זעטן!

גיט אכטונג, היט אים אָפּ!
א פּאָעט...
— Это ценно... Это очень ценно...

און גיבן כאַוועריש א לאַשטשע מיר דעם קאָפּ,
און גיי'ן אוועק צוריק אין טיפער נאכט,
אין שלאכט,
צו גאָר די ראכוועסן, וואָס ברענען.

א שליטן פליט. מיט דעדנעס צוגעדעקט, כ'ליג שטום.
דער סוינע מיך באַפאלט מיט קנאַ־לנדיקע פייערן פון געווער.
נאָר ס'נעמען הענט מיך גוטע, ווארעמע ארום,
און עמעץ שעפּטשעט שטיל,
און עמעץ שעפּטשעט מילד:
— א דיכטער...
עס איז ווערטפול...
— Это ценно... Это очень ценно...

## הײם אפֿן שלאַכט־פֿעלד

אין דורכמאַרש הונדערטמײַליקן, צו אײנעם שלאָפֿלאָז אױף זײ האַרטע נאַרעס,
צו הײבט אונדז סימכע, צו פֿאַרקריצט די צײנג דער צאָר אונדז,
אין קײט אין אױסגעצױגענער מיט פֿײַלנבױגנדיקע רײַטער,
אין װאַלד אין װײַס־פֿאַרשאָטענעם, אין הורבעס נעבן שײַטער,
אױף די דילן אין די כורװעס, אונטער װאָגלענדיקער, האָגלענדיקער אײמע,
אונטער פֿײַער, װאָס צערײַסט, צעשמײַסט, צעבלוטיקט און צעמײמעסט,
אַריבער האַלדז אין זאַמדן און אין שלײם,
מיט קאָפּ פֿאַרגראָבענעם אין זינקענדיקער לײם,
אױף שטרעקעס אָפֿענע און אין פֿאַרבאָרגנסטן געהײם,
פֿון זעלנער־צוג —
אַ קוק,
פֿון מיטן דעם געשלעג —
אַ פֿרעג:

— אױ, דו, מיט שענסטן און מיט טײַערסטן גערײמט,
װער ביסטו, פֿאָטערלאַנד? װער ביסטו, הײם? —

דו ביסט אַלצדינג, װאָס קלינגט דאָ און װאָס שטומט.
ביסט יעדעס שטײנדעלע אַרום.
ביסט אין דער װײַט דער פֿינקלענדיקער גוטער סימען.
דו ביסט דער גאָרטן, און דו ביסט דער הימל.

דו ביסט אין דאָרף אין לײדיקן אַ באָרװעס ײִנגל אַ רוסיאַװע,
לעם מיר, לעם אַקסל מײַנעם ביסט דער כאַװער —
פֿון פֿײַנעם שטאָפּ געהאָקטן און געבױט,
ער גײט מיט מיר אױף טױט, דורך טױט, אַקעגן טױט.

דו ביסט די טוווע אינעם פעלד, דאָס קינד אין קלעמענדיקן פלאָנט,
דו ביסט דער שווייַגנדיקער וואלד באַם האָריזאָנט,
דו ביסט די קלאָרע וואָר, דו ביסט דער טיפער טרוים,
דו ביסט די זילבער-ריטשקע נעבן וועג באַם זוים.

דו ביסט אין יישעוו הארבסטיקן אַפּ אַש און אַפּ טיל-טעל
א זקיינע אַפּ א גאנעק — לעם דער שוועל,
זי שטייט און קוקט און שטייט,
מיט טרערן אין די אויגן אונדז באַגלייט.

מיר גייען שטאָלצע, פריילעכע און גרינגע.
מיר גייען שטאָלצע, פריילעכע — און זינגען.
נאָר ס'ווייסט די מאמע: מיר אַהין, אַהין גייען,
נאָר זי ווייסט אירס: אין פלאקער-פייַער אירע זין גייען.

— אוי, זאָל ניט טרעפן אונדז קיין קויל,
אוי, זאָל אין פעלדער-הויל
קיין באָמבע אונדז ניט אויסרייַסן דאָס מויל.
אוי, זאָל אין וועלדער-וויסט ניט פּיקן אונדז קיין ווילדער פויגל... —

זי שטייט און קוקט מיט טרערן אין די אויגן.

ביסט, היים, לעם זאנגענע אופגעגאנגענע א שלאַנקע פויערטע,
א שטרענג-פארקלערטע, א פארטרויערטע.
דאָס פּאָנעם — כמורנע, און די אויגן — גרויס,
זי שטייט באַם ברעג פון פעלד פארנאַכט,
זי שרייַט, זי פּאַכעט מיטן פויסט,
ווען ס'גייט אדורך מייַן מאַכנע אַפּן שליאַכ:
— שלאָגט די סאָנים! אָן דאכמאָנעס שלאָגט!
פּלעט זיי און צעטרעט זיי און צעבראָקט! —

און קריג מיט וואסער לויטערן זי ברענגט אונדז,
און קווייטן פרישע פונעם סאָד זי שענקט אונדז.

מייַן היים, ביסט א קאָלווירטניצע א יונגע, א פארבענקטע.

דו ביסט א שטילע פּאָדערונג און ביסט א הארבער רוף,
דו ביסט די קוויקנדיקע לופט,
אַפּ די סטעפּן שעפּ איך דיך און שעפּ.
ביסט יעדער רעגעלע, מיט בלוט, אין בלוט אדורכגעלעבט,

ווען אלעס גליט, ווען אלעס זידט, ווען אלעס ברענט דאָ —
דו שטייסט אָן שלייערן, און שארף, און גאנץ, און בלענדיק,
ווי דאן, ווען ס׳הייבט זיך לעבן אָן, ווען לעבן זיך פארענדיקט,
ווי דאן, ווען מ׳העננט מיט גאָר דער וואָר
אַפ שפינוועבס-דינער, דינער האָר,
ווען אין די פאלדן פונעם בארג, ווען אין די שפאלטן פונעם פלויט,
ווען אין די קנייטשן אַפ דער הויט
עס וועגט דער גורל:
— טויט אָדער רויט...
טויט אָדער רויט...
געבוירן צי פארלוירן...—

דו ביסט דער שטעכ,
ווו מיט מיר מיליאָנען טרעטן
הויך איבער אָפּגרונט, אַפ צעוויגטע ברעטער
אקעגן מיַילער פון קאנאָנען,
אקעגן אויגן, וואָלפיש אָנגעצונדענע, פון סאָנים.

ביסט ער, און ער, און ער, און איך —
אונטער דעם גערעכטיקן געריכט
פון גאָר דעם קומענדיקן ליכט.

דו ביסט דער אָנזאָג: קיינמאָל, קיינמאָל ווערן מאט.
ביסט דער באפעל: אדורכגיין גאָר די ערד, ווי א סאָלדאט,
אדורכגיין גאָר די ערד אַפ דורך און דורך
און איבערבלייַבן נאָר אן עטעמל, א לייַכטער שפור.

איך האָב געזען, ווי ברידער-קריגער קוקן אום זיך צו דער וויַיט.
דיַינ פינגער זעען זיי, דיַינ פינגער טיַיט:

— דורך שטורעם-ווינט, דורך פעלדזן, דורך געפלאצטער בריק,
דורך הוילעניש, דורך גרוילעניש און דורך פארסאמטע קוילן —
גיי און זיג!
עס האָט די ערד אזוי באפוילן!
עס האָט די צייַט אזוי באפוילן!
דו אליין האָסט זיך אזוי באפוילן!

די זון די גאָלדענע פון ענג-געפּענקעניש דו ברענג צוריק!
גיי און זיג!

ביסט, היים, א ברעקל ערד, פיר ווענטלעך מיט א דאך
(עס איז דער קריגער דאָרט אמאָל, אמאָל געוועזן),
דאָרט גייען אום באטאָג, באנאכט
לעבעדיקע טיילן פונעם קריגערס וועזן.
מע הערט דאָרט צו זיך צו זיין ווייטן שפאנען
(ר'איז ווייט, ר'איז לעם די האָרע-כווישעך, נאָר ער איז פאראנען),
מע הערט דאָרטן, מע קוקט דאָרטן, מע שפירט
נאָך זיין יעדן ריר.
פון פרי ביז שפעט
מע שעפטשעט דאָרט, מע בעט:
— לעב און זיג, ליבער!
טייערער! העלד! גיבער!
לעב און זיג פאר זיך, פאר מיר, פאר אונדז,
טאטע, נאָענטער, ברודער, זון!

באנאכט, אין פראָסט, נאָך מיילן שניי,
אין דער מאכנע, אינדערמיטן ריי,
אינדערמיטן שפאנען איבער גרוב און גרוב און גרוב
דערזעט דער קריגער מיטאמאָל א פייערל אין ווייטן, אין א שטוב,
א פייערל אין שניי, אין נאכט.

דעם קריגער דאכט:
די שטוב איז שיינע —
די שטוב איז זיינע.
ער וועט אָנקלאפן אין פענצטער אפ די ווייסע סטעפּן,
וועט די אייגענע, די לאנג שוין ניט געזעענע, די טיר אים טאָן אן עפן,
און ווארעמקייט וועט אים ארומנעמען — אייגענע, טייערע.
דער קריגער גייט צו זיין שטוב, צו זיין ווארעמקייט, צו זיין פייערל.

ביסט, היים, א ברעקל ערד, ווו מ'האָט אמאָל די אויגן אופגעעפנט,
פונוואנען מ'איז אמאָל אוועק אין וועלט, די וועלט צו שעפן,
פונוואנען מ'איז אמאָל אוועקגעגאנגען
עטעמען און זוכן און זיך ראנגלען,
עטעמען און דאָס גליק צו פאנגען.

דו ביסט דאָס וואָרט דאָס ערשטע און דער ערשטער בלוי,
אין ערשטן פֿרילינג-סאָד די ערשטע פֿרילינג-פֿרוי.
ביסט דער געוויין דער ערשטער, אויסבאהאלטן, אין דער שטיל.
דו ביסט דער ערשטער שמייכל און די ערשטע שפּיל.

אין גאַנג אין פֿײַערדיקן אונטער זון און שטערן,
אין גאַנג אין פֿלאַמיקן אָפּ קיינמאָל זיך ניט אומצוקערן,
אין גאַנג דורך שטאָך און בראָך און בלוט, וואָס שטראָמט פֿון ווונדן, —
דו ביסט פֿאַר אויגן, צוגעשלאָסענע אינמיטן גאַנג אָפּ אַ סעקונדע—
רינגעלעך, טאַנצנדיקע בלויע רינגעלעך,
ווי דאַן, ווען מ'איז געווען אַ ייִנגעלע,
אַן אומשולדיק צעניאָריק ייִנגעלע...

בלויז אומלײַט אָן און אָפּשטאַם, בלויז פֿאַרקרימטע און פֿאַרדאָרבענע,
בלויז ווערעמדיקע, נידעריקע, קליינטשיקע
ווייסן פֿון קיין צאָרן, פֿון קיין ראַנגל, פֿון קיין קאָרבן ניט
פֿאַר דיר, איין-איינציקע.

מיליאָנען ברידער — לעבעדיק און יונג און פֿריש —
האָבן שוין אָפּ אייביק זיך מיט דיר פֿאַרמישט.

און טאָג און נאַכט עס הילכט די טופּעניש אין סטעפּ,
מיליאָנען לעבעדיקע גיבן אָפּ פֿאַר דיר די קעפּ,
ס'לעבן ס'איינציקע פֿאַר דיר, איין-איינציקע.

באַם האָריזאָנט — דער לוין:
דאָס בליִענדיקע פֿעלד, דער קלינגענדיקער בוים,

מיט פֿענעמער מיט שײַנענדיקע, פֿול מיט פֿריידן,
עס וועלן דײַנע זין די ווילע שפּאַנען קרעפּטיק,
ווי עס באַהעפֿט אַ יונג זיך מיט אַ מיידל,
עס וועלן זיך די זין דײַנע מיט דיר באַהעפֿטן.

1942

## מײַן באַריכט

I

װעט איר מיך אַרומרינגלען אין ענגן כאַװערישן קרײַז,
איך זאָל אײַך אַלעס, אַלעס װעגן זיך דערציילן.
יאָ, פֿרײַנט. איך האָב מיט זיך געבראַכט אַ װעלט מיט נײַס,
עס איז מיר שװער אין אָט דער אַשרעס אױסצװײלן.
ס'האָט מיך די ערד מיט גרױל און העלדישקײַט געשפּײַזט,
און יעדער ברעקעלע איז מיר טײַער, הײליק.
ס'האָט יעדער פֿינטעלע אין האַרצן זיך אַרײַנגעשניטן גוט,
װײַל יעדער פֿינטעלע איז מענטש, און שלאַכט, און העלדנטאַט,
און בלוט.

II

שױן באַלד צװײ יאָר, אַז איך האָב אײַך פֿאַרלאָזט.
ס'האָט מיך, ס'האָט אײַך אין גאָר דער װײַט פֿאַרטריבן.
כ'װעל אײַך, כאַװײרים, זאָגן אױפֿריכטיק און פּראָסט:
כ'האָב אײַך דערמאָנט, כ'האָב אײַך דערמאָנט מיט ליבע.
כ'בין דורכגעגאַנגען דורך טױט, דורך פֿײַערן, דורך פֿראָסט,
און איר זײַט דאָך מײַנע אײנציקער, מײַן באַשערטער קיבעץ.
כ'בין דאָ אַפּסנײַ, געבליבן לעבן דורך אַ נעס בײַנ.
כ'האָב איצט מיט אײַך אַן אַנדערן, אַ גרױסן חשבון,

III

דעם חשבון פֿון אַ װעלט, אַ לאַנד, אַ פֿאָלק. ס'װעט מײַן באַריכט
געגעבן װערן אין די גרױסע, רײַכע ביכער.
אַף דער באַגעגעניש מיט אײַך איך האָב זיך ניט געריכט:
עס האָט מיך שױן דער טױט אַרומגעהאַלדזט אַף זיכער.

ס'האָט מיך געראַטעוועט א ביסל וואַרעמקייַט, א ביסל ליכט.
כ'בין צווישן אייַך — א ייִד, א קאָמאַנדיר, א דיכטער.
איך גיי אַרום אין מאָסקווע אונדזערער מיט הארצ, וואָס שטוינט.
אָפ יעדן שטיין, אָפ יעדן טייַערן, איך לעב און וווין.

IV

איך גיי אַפסנייַ אַרום אין אונדזער מאָסקווע-שטאָט,
און פיס פאַרוווּנדעטע אָפ טראָטואַר מיך וויגן.
אויך איך האָב, מאָסקווע, דיך געהיט פון ווילדן שפּאָט.
עס פרייט אונדז אַלע פרי הייַנט די טרומייט פון זיגן.
מייַן אויער איז נאָך וואַך צום שאַרפן רוף: — B поход! —
B поход! — האָט מיר א נאַכט א נ הארצן טיף אַרייַנגעשריגן.
אַצינד, דער זעלבער היטער, אָפ די גאַסן דייַנע שפּאַנ איך,
דו, שטאָט, וואָס איך האָב דיך געהיט אָפ פעלדער אָפ ריאַזאַנער.

V

איך בין די געגנטן פון פּאָטערלאַנד אַדורכגעגאַנ צופוס,
מיט א נאַגאַנ — פאַר מייַנע פּלעצער און פאַר מייַנע גאַסן.
איך בין געגאַנגענ מיט די קינדער פון דער ווילער מאַמע Русь,
געטראָגנ האָבנ מיר אָפ זיך די שווערסטע מאַסע.
די אויגנ כ'האָב געקושט, די ברוסט האָב איך געקושט
דער ערד דער שיינער, וואָס באַזונגענ האָט נעקראַסאָוו.
אין דער נעשאָמע מייַנער האָבנ בליקנ, ווינקענ, רייד
אָפ טאָמיד זיך באַזעצט, און כ'היט זיי שטילערהייט...

VI

געגאַנגענ זייַנענ מיר — א גרויס און מעכטיק לאַנד.
געגאַנגענ זייַנענ מיר אַקעגנ שוואַרצסטער פון די פעסטנ.
געגאַנגענ זייַנענ מיר — א הויכע לעבעדיקע וואַנט,
א באַרג א שטאָלענער, אַנ עטעמדיקע פעסטונג.
געגאַנגענ זייַנענ מיר דורכ וואַסער און דורכ בראַנד,
ס'זאָל ווערנ וואַרעמער די פייגעלעכ אין נעסטנ.
געגאַנגענ זייַנענ מיר פאַר אַלעס, וואָס מיר כאָוועג און מיר ליבנ,
אָי, וויפל זייַנענ פרייַנט מייַנע אין פלאַם געבליבנ...

## VII

כ׳האָב מיטנ לײַב מײַנעמ געפאָרשט די שטרעקעס פונ מײַנ היימ,
עס האָט מײַנ בלוט געטריפט אפ אירע טיפע שנייענ.
ווענ כ׳בינ אפ וואכ אינ סטעפ געשטאנענ איינ-אליינ,
אפ ראכוועס ערדישער אונ הימלשער איר גורל כ׳האָב געלייענט.
ווערסט בלײַבנ אייביק פרײַ אונ אייביק שטאָלצ אונ אייביק שיינ,
באדעקט מיט רומ פונ העלדישע ארמייענ,
א זונ וועט אופגייענ נאָכ גרעסער פונ דײַנ וויי,
מײַנ טײַער פאָטערלאנד, סאָוועטישע ראטיי!

## VIII

איכ בינ פאר דיר אוועקגעגאנ אינ שוידערלעכנ הויל,
א מילדער, צארטער מענטש, א יונגער זינגער.
ס׳האָט מיר דאָס הארצ פארשטיינט די פינצטערניש, דער גרויל.
עס האָט די קרירע מיר געליימט די פינגער.
איכ האָב פארקריצט די ציינ, פארשלאָסנ כ׳האָב דאָס מויל:
— כ׳וועל אומקומענ, נאָר זאָל דעמ היימלאנד ווערנ גרינגער! —
איכ בינ דורכ שליאכנ בלוטיקע געגאנגענ פארנ גרויסנ פרידנ,
פאר רוסנ אונ קאזאכנ, פאר אוקרײַנער אונ פאר ייִדנ.

## IX

מײַנ פאָלק, מײַנ ייִדיש פאָלק... דו האָסט דאָכ מיר דעמ גלי,
די פײַנ, די שײַנ, דעמ טיפנ מוט געגעבנ.
„בעדאָמאיִכ כאיִ!.. בעדאָמאיִכ כאיִ!..”
„אינ דײַנ בלוט זאָלסטו לעבנ... אינ דײַנ בלוט זאָלסטו לעבנ...”
ביסט אלע, אלע נאכט, ביסט אלע, אלע פרי
מיט מיר, ארמייער, מיטגעגאנגענ נאָענט, נעבנ.
ניט דו ביסט אומריינ, פאָלק. דײַנ פײַנט איז קויט אונ ברוד,
ביסט ריינ, מײַנ ייִדיש פאָלק, אונ הייליק איז דײַנ בלוט!

## X

אונ וועד עס זאָגט, אז איכ, איכ בינ דאָ פרעמד,
ווער ס'קוקט אפ מיר מיט גאל אונ גיפטיק אונ פארביסנ —
דער וויסטער רו'כ אימ ווייסט, דער וויסטער רו'כ אימ נעמט, —
ניט מײַנ נאגאנ — מײַנ כאוועדס ביקס וועט אימ צעשיסנ.
מײַנ פאָלק, מײַנ יִדיש פאָלק אינ זײַדנ, אינ פארבלוטיקט העמד,
פונ ווײַטסטע צוקונפטנ די פעלקער דיכ באגריסנ.
כ'בינ שטאָלצ, איכ זאָג עס איבער אלע, אלע שכיטעס:
ס'איז מײַנ געזיכט אונ ס'איז מײַנ גאנג אונ ס'איז מײַנ הארצ —
סעמיטיש.

## XI

אָט גייענ זיי אהערצו, די כאווײרימ מײַנע, מײַנע פרײַנט,
די לעבנס-מיטגייער, די שטומענדיקע העלדנ.
אָליעוווסקי קומט ארײַנ, אונ ראָסינ קומט ארײַנ,
ס'קומט ווינער, ס'קומט גורשטיינ, ס'קומט גאָדינער, ס'קומט זעלדינ.
זיי האָבנ זיכ דערוווּסט, אז ס'איז מײַנ אָוונט הײַנט.
אָט וועלנ זיי דאָ באלד צומ וואָרט זיכ מעלדנ.
איר זעט דענ ניט? אָט שטייענ זיי, אָט דאָרטנ, בא דער שוועל.
איכ גלייב: די ליד, וואָס כ'לייענ, זיי געפעלט.

## XII

איכ גיי אינ מאָסקווע אומ אונ שפיר נאָכ וואָרט אונ טאט.
יאָ, הארטער איז דאָס הארצ, יאָ, שארפער זײַנענ אויגנ.
איכ הער די פרייד-טרומייט: — באפרײַט איז סטאלינגראד!
דער דײַטש האָט פונ וואָראָניעזש אָפגעצויגנ! —
געדימט זאָל זײַנ דער יִדישער דער שטארקער יאט,
וואָס איז דער ערשטער אפ דער פעסטונג-וואנט ארופגעפלויגנ.
געדימט, געלויבט, געבענטשט זאָל זײַנ אפ אלע יאָרנ
דער האס דער מעכטיקער, דער אומדערבארעמדיקער צאָרנ.

## XIII

איך גיי איִן מאָסקווע אום אַן אייגענער, אַ טוישעוו, ניט קיין גאַסט.
און פּלוצעם עס פאַרפלייצט דער הייסער קאַס מיך.
איך גיי אין מאָסקווע אום פון ליק צו ליק, פון גאַס צו גאַס;
און ס׳דאַכט מיר, עס באַפאַלט דער שטיקנדיקער גאַז מיך.
דער פּיַינט איז נאָך פאַראַן! עס איז נאָך שווער די לאַסט!
דער פּיַינט איז נאָענט נאָך! דער פּיַינט איז נאָך אין וויאַזמע!
זיַי וואַך! זיַי וואַך! אָט באַלד, אָט-אָט
עס וועט אַ הילך געבן, אַ רוף געבן: — В поход! —

## XIV

און דאָס איז אַלץ דערוויַיל. דערוויַיל זאָל זיַין גענוג.
מיר וועלן טרעפן זיך, און כ׳וועל נאָך פיל דערציילן.
עס איז מיַין זון אַריַינגעטראָטן אין קאַמיוג.
מיר וועלן טרעפן זיך, מיר וועלן זיך נאָך טיילן.
ס׳איז סטאַלין גרויס, און שטאַרק, און וווּנדער-קלוג.
דאָס לאַנד אונדזערס איז שיין, און שטאַרק, און הייליק.
ס׳איז הויכס פאַראַן אַ סאַך. פאַראַן אויך טרויער.
דער העמשעך קומט. דערציילן כ׳וועל גענויער.

יאַנוואַר 1943

## די שוועסטער אונדזערע

ווען עס באַפאַלט די נאַכט מיט קנאַלערײַ, מיט פײַערן,
מיט דראָענדיקע לײַכטערלעך — ראַקעטן,
ווען ס׳קומט, ווען ס׳פליט דער פּעך-און-שוועבל
אַפּן לעבן פון די דערפער און די שטעט אָן,
ווען דורך בערג און טאָלן, שטומענדיק,
די כאַיאָלעס אונדזערע אַקעגן סוינע טרעטן,
ווען עס צעהילכט זיך דער געוועט
פון טאַנק, אַעראָפּלאַן, האַרמאַטן און באַגנעטן —
זי גייט אין ריי מיט אַלעמען,
איר פעסטן גאַנג וועט גאָרניט ניט פאַרצאַמען:
קיין טליע ניט, קיין קויל, קיין באָמבע ניט,
קיין גאַזן, וואָס פאַרסאַמען.
זי גייט אין ריי מיט אַלעמען
דורך שווערד, דורך יאַמען בלוטיקע, דורך פלאַמען —
די שיינע אונדזערע, די שוועסטער אונדזערע,
אונדזער טרײַע, ליבע מאַמע.
זי גייט אין אָנטאָן אין אַרמייִשן
דורך ווײ און דורך געשריי און דורך געוויי —
די שוועסטער אונדזערע, די בעסטע אונדזערע,
אונדזער פרוי.

זי גייט אין אָנטאָן רויטאַרמייִשן
מיט זעלנערישע האַרטע טריט,
זי גייט מיט פאָנען רויטאַרמייִשע,
און קיינמאָל ווערט איר האַרץ ניט מיד.
א זון צעגליט איר לײַב אין זומער-סטעפּ.
א זאַווערוכע זי פאַרדרייט, פאַרשיט,
זי גייט דורך שטורעם-ווינט, זי גייט דורךווירבל-ווינט —
א קריגערן, א זיגערן, א ליד.

די מאכנעס — איינע קעגן צווייטער אינעם פעלד צעשטעלט,
און קאַנאָנע קנאַלט.
אין פלאַקער־פייַערן — די שטעטלעך־שטעטעלעך.
עס ברענט דער וואַלד.
אַף וועגן אין געשלעגן, אײַנמיטן ראַנגלעניש —
איר שיין געזיכט, איר צאַרט געשטאַלט
אין אָנטאָן דויטאַרמייַישן, מיט שטערן רויטאַרמייַישן.
און אויב זי פאַלט... און אויב זי פאַלט...
די גרינע גראָזן און די ווייַסע שנייען
און די ווייַטע בלויע הימלען האָרכן:
— איך בין געפאַלן, פאָטערלאַנד, איך בין געשטאָרבן, פאָטערלאַנד,
פאַר דייַנע ניצאָכן... —

עס האָט מייַן צונג געיאָגט צום פראָנט.
ס'האָט מיטגעיאָגט די זון און די לעוואָנע.
עס האָט מייַן צונג געיאָגט צום פראָנט,
מ'איז אַף אַ סטאַנציע אַרויס פון די וואַגאָנען.
איך האָב געזען דאָרט: צווישן רעלסן טאַנצט
אַ צוואַנציקיאָריקע, מיט אַ יידיש פּאָנעם.
זי האָט געטאַנצט, מייַן פאָלק האָט מיטגעטאַנצט
לעמ די קוילנוואַרפער און קאַנאָנען.
זי האָט געטאַנצט און צוגעזונגען שטיל
מיט פרייַדיקע, מיט וועקנדיקע טענער.
זי האָט געטאַנצט, דער מוט האָט זיך געשטאַרקט
בא די קריגער, בא די שלאַנקע מענער.
זי האָט געטאַנצט, און ס'האָבן מיטגעטאַנצט מיט איר
גרוזינער, רוסן, יידן און אַרמענער.
זי האָט געטאַנצט, ס'האָט איר געזיכט געשייַנט
אַלץ ליכטיקער, אַלץ פרייַדיקער, אַלץ שענער.
עס איז געווען סאָף טאָג. ס'האָט צווישן רעלסן־וועג,
באַדעקט מיט גאָלד, איר קערפּער זיך געוויגט.
זי האָט געטאַנצט. מייַן פאָלק, מייַן פאָלק האָט מיטגעטאַנצט
דעם טאַנץ פון לעבן און פון זיג.

אין קעלער־טיף — אַ דיל.
מ'האָט אונדז אַהער אָט ערשט געבראַכט.

ס'טוט ווי, נאָר ריי לעם ריי ליגט שטיל.
מיר זײַנען ד אָ ר ט נ נאָך, אין קאָך פון שלאַכט.
עס טרייסלען זיך די ווענט,
מיט באָמבעס שיט און שיט די נאַכט.
זי גייט מיט לײַכטע טריט לעם אונדז,
לעם וווּנדן אונדזערע זי היט, זי וואַכט.
זי גייט מיט לײַכטע טריט לעם אונדז,
א שוועסטערקע, א דאָקטערקע, א מילדע פרוי.
מיר זײַנען ד אָ ר ט נ נאָך, און איינער שפּרינגט נאָך אויף:

— За Сталина! За Родину! В бой! —

זי בייגט זיך אָן צו אונדז, זי בייגט זיך צו צו אונדז —
א וועלט מיט ווארעמקייט, א יאַם מיט בלוי.
איך שליס די אויגן צו, כ'פלי אָפּ אין כאָלעם-טיף:
דאָס איינציק לעבן מײַנס מײַן שוועסטער איך פאַרטרוי.
איר נאָמען כ'האָב
טיף-טיף פאַרשריבן,
אין אָנדענק שטענדיקן,
אין שטענדיק ליבן.

אין שטילן „טיל“,
ווען צו דעם פענצטער גיי איך צו אין די פרימאָרגנס,
זי גייט אדורך אין ארבעטער-קאָסטיום,
איך שפּיר איר נאָך, אין מײַן שפּיטאָל-צימער פאַרבאָרגן.
איך ווייס: עס איז איר טאַטע אין סמאָלענסק געטייט,
אין אומאַן איז איר ברודערל דערוואָרגן.
איך ווייס: איר ווי איז גרויס,
נאָר אין איר פּנים — אנדערע, גאָר אנדערע זאָרגן.
די אויגן אירע — טיף פאַרקלערט.
זי איז מיט שליכטעס וויכטיקע באַלאָדן.
זי גייט אדורך אין ארבעטער-קאָסטיום.
זי קומט, אן אינזשעניער, צו איר זאַוואָד אָן.
באַטאָג, באַנאַכט זי שטייט דאָרט לעם דער ראָד.
— דו וועסט באַצאָלן, סוינע, פאַרן שאָדן!
דו האָסט באַגאָסן שטעט מיט בלוט,
דו וועסט זיך אין דײַן בלוט דײַן אייגנס באָדן!

זי גרייט דעם טאַנק, זי גרייט די באָמבע צו,
זי האַרטעוועט דעם שטאָל.
באַשטראָף, מײַן שוועסטער אינזשעניר,
באַשטראָף, באַצאָל!

די מאַמעס די קאָלווירטניצעס די טרײַע
אין דער געגנט פון דער שטאָט ריאַזאַן,
וואָס האָבן מיך, פאַרווונדעטן, געהאָדעוועט:
„עס זײַנען בא אונדז אויכעט קינדער אַפן פראָנט פאַראַן...״
און די, וואָס פירן דורכן ווינטער-סטעפּ
די באַן,
און די, וואָס פליִען אין די הימל-הייכן
אַף עראָפּלאַן,
און די, וואָס היטן אַף די פעלדער
אונדזער ברויט,
און די, וואָס שענקען פאַר די ברידער
ס׳בלוט דאָס רויטס,
און די, וואָס זייער שטאַרקייט
שאַפט און בויט,
און די, וואָס זייער מוט
באַזיגט דעם טויט,
די שוועסטער מײַנע לעם האַרמאַטן,
אַף די מינענטרעגער, אַף די רויטע קרייסערס, —
מײַן גרוס מײַן האַרציקער,
מײַן גרוס מײַן הייסער.

## אָט איז זײַן גאַס

איך זאָג עס שטיל צו זיך, ס'זאָל ניט דערגיין צו קיינעם,
איך זאָג עס, ווען איך גיי פון שרײַבערישן קלוב:
— קום, עזראָ, לאָמיר איצט אַרײַנגיין צו גורשטיינען,
אָט איז זײַן גאַס, אָט איז זײַן שטוב. —
און ס'פֿיבערט מיך, און כ'שפּאַר זיך צו צום טעלעגראַפֿן־סלופּ,
און מײַנע אויגן וויינען און ניט וויינען.

עס איז געווען, געשען אין טעג אין יענע,
ווען מיר זײַנען געגאַנגען אַלע אין דער „אָפּאָלטשעניע".

אַף מאַלע־קיסלאָווסקי פֿאַראַן אַ הויף, אַ שול.
ס'איז דאָן געווען דאָרטן מיט מענטשן און מיט טומל פֿול.
ס'איז דאָן געווען דער אָנהייב פֿונעם קריג דעם שווערן.
דאָרט האָבן שרײַבער שיסן זיך געלערנט.

אַף מאַלע־קיסלאָווסקי לעם הויף, באַם ראָג
מיר האָבן זיך באַגעגנט אין אַ זומערדיקן טאָג
און איינער צו דעם אַנדערן געזאָגט:

— געוויס, געוויס. . .
ס'וועט זײַן אונדז שווער. . . עס וועט אונדז זײַן ניט זיס. . .
נאָר זײַן מיר זײַנען אין אַ ליכטיקן רעשוס.
עס איז אַ פֿליכט, עס איז אַ מוז.
ס'ווערט אַלעס, אַלעס, אַלעס איצט געגעבן...
אַלץ. . . דאָס לעבן. . .
מיר וועלן נעמען יעדערער אַ ביקס, אַ שווערד, אַ שפּיז.
מיר וועלן גיין, ביזקל מירן פֿאַלן פֿון די פֿיס...

אזוי־אָ האָבן מיר אין יענע טעג אין יענע אומגעהייערע,
אזוי־אָ האָבן מיר מיט כאוועך מײַנעם זיך געשווירן.

און אוועקגעגאנגען זײַנען מיר געטרײַ,
מיט ביקסן, ברענגען די געולע.
עס איז מײַן פרײַנט געפאלן ערגעץ לעם מאָזשײַסק,
איך בין געפאלן פון די פיס לעם טולע,
אין פראָסט, אין שניי, באדעקט מיט וווּנדן.
ס'האָט מיך פון טויט ארויסגעשלעפט א ווונדער.

כ'וויל איצט ארײַנגיין צו דעם כאוועך מײַנעם, כ'וויל אים אלץ דערציילן.
ער האָט געקענט די ווונד די טיפסטע היילן.
ער האָט געקענט ארויסציִען פון ערגסטן און פון בייזסטן.
ער האָט געקענט מיט גוטן שמייכל טרייסטן.

קומט, פרײַנט, קומט, לאָמיר אלע איצט פונדאַנען אינייַנעם,
קומט, לאָמיר אלע איצט ארײַנגיין צו גורשטיינען.
ער וועט מיט מילדן שמייכל אונדז באגעגענען, ווי אלעמאָל.
ער וועט, ווי שטענדיק, אלץ פארשרײַבן אינעם פראָטאָקאָל.
אין שפעטער נאכט־שאָ, כאָטש ער איז שוין לאַנג פארמאטערט,
ער וועט דערציילן וועגן מענדעלען און וועגן יִדישן טעאטער.

ער האָט געקענט די שווערסטע שאָ
פארגרינגערן, באשײַנען און באַכיינען.
קומט, פרײַנט, קומט, לאָמיר אלע איצט ארײַנגיין צו גורשטיינען.

נאָר ס'איז מײַן ליבער פרײַנט נישטאָ. נישטאָ. נישטאָ.
אין ווײַטן פעלד באהאלטן זײַן געביין איז.

זײַן גײַסט פליט אום אין הימלשן אין טיפן בלאָ.

געפאלן איז מײַן פרײַנט, קעדיי די וועלט זאָל פרײַ זײַן.
עס וויינט מײַן הארץ, כאָטש, דאכט זיך, ס'איז פון אײַזן.

1943

## איינציקע — איינע

דאָס בלוט האָט פארגאָסן די פעלדער, די שטיינער,
די גערטנער, די זון און די לויטערסטע כיינען.
אין הארצן פארוואונדעט — איך עטעם נאָך, גיי נאָך,
און דו ביסט מײַן איינציקע — איינע.

מײַן ליבע! מיט אויגן, וואָס קיינמאָל ניט וויינען,
דו זאָגסט: — איך בין גראָ שוין, איך בין שוין א זקינע. —
איך קוש דײַנע אויגן: — אוי, טײַערע, ניין נאָך,
דו ביסט דאָך מײַן איינציקע — איינע.

מײַן ליבשאפט איז רײַך נאָך, מײַן ליבשאפט איז מאכטפול.
פארצאָרנט, פארבלוטיקט, און וויפול, און נאכטפול,
כ׳בין אוף פונעם גרוב אפן שנייִיקן שלאכט-פעלד:
— דו ביסט דאָך מײַן איינציקע — איינע!

א נעס איז געשען: ניט געטייט האָט די קויל מיך,
עס האָט מיך די שווערד פונעם פײַנט ניט געקוילעט.
דער ווינט האָט געבראכט מיך: — דו ביסט דאָך מײַן ווילע,
דו ביסט דאָך מײַן איינציקע — איינע!

געוואכט האָט מײַן היטער, א נעס האָט געטראָפן:
ניט דורכגעשפּיזט האָט מיך דער פראָסטיקער צאָפּן,
איך בין אין די הורבעס ניט אײַנגעשלאָפן,
דו ביסט דאָך מײַן איינציקע — איינע!

הער: דו ביסט אצינדערט נאָך מערער מיר טײַער.
אויב טרײַ ביסט געוועזן — דו זײַ נאָך געטרײַער.
איך בין דיר געשאָנקען פון ריזיקן פײַער,
דו ביסט דאָך מײַן איינציקע — איינע.

עס ברענט אונדזער פאָלק אינ די שטעטלשע שטיבער.
מע ווארגט אונדזער פאָלק אינ די הינטישע גריבער.
אינמיטנ דער סרייפע דו ביסט מיר נאָכ ליבער,
אוי, טײַערע, איינציקע — איינע.

מע שטיקט אונדזער וועלט אינ די הינטישע יארנ.
עס לעבט אונדזער וועלט אונטער שווארצסטע געפארנ.
ס׳קומט יעדער פרימאָרגנ מיט צאָרנ, מיט צאר אָנ,
אוי, טײַערע, איינציקע — איינע.

באטאָג אונ באנאכט אפנ שלאכט-פעלד מײַנ כאיל,
אונ טויזנטער פאלנ, אונ ס׳קומענ אופ נײַע,
אונ איכ בינ מיט זיי אינעמ ריזיקנ פײַער,
אוי, טײַערע, איינציקע — איינע.

אונ, מעגלעכ, דו האָסט מיכ אצינדערט באגעגנט
אינמיטנ דער ראנגלעניש נאָר אפ א רעגע,
כ׳וועל מאָרגנ אוועקגיינ אפסנײַ אינ געשלעגנ,
אוי, טײַערע, איינציקע — איינע.

זעסט? ביידע געעלטערט. זעסט? ביידע פארמאָגערט.
נאָר אלצ ניט געבויגנ, נאָכ אלצ ניט דערשלאָגנ.
מיט בלוט פונעמ דיכטערשנ הארצנ איכ זאָג דיר:
— דו ביסט דאָכ מײַנ איינציקע — איינע.

מיר האָבנ באהעפט זיכ אָנ כופע-קידושנ
אפ זוניקנ לעבנ, אפ גליקלעכער רו-שײַנ.
פונ שלאכט-פעלד געקומענ כ׳בינ שטיל דיכ א קוש טאָנ,
מײַנ טײַערע, איינציקע — איינע.

די שווערד האָט פארטיליקט מיליאָנענ געביינע.
דאָס בלוט האָט פארגאָסנ די קינדער די ריינע.
אינ הארצנ פארוואונדעט, איכ עטעמ נאָכ, גיי נאָכ,
אונ דו ביסט מײַנ איינציקע — איינע.

נאָכ אלצ ניט דערשלאָגנ, נאָכ אלצ ניט צעבראָכנ.
מיר וועלנ אדורכגיינ מיט שווערסטע פונ יאָכנ.
מיר דארפנ דערלעבנ צומ גרעסטנ ניצאָכנ,
מײַנ טײַערע, איינציקע — איינע.

1942

# געזאַנג אין שפּיטאָל

## א

פרעכטיקע שפּאַנען לעוואָנע-נעכט
אַף שטרעקעס פון אַפּרעל.
אין וואַלד אין טיפן דערמאָן איך דיך,
הערשערן פון מיַין וועלט!

אַף וועג דיַינעם שפּרייט איך טעפּיכער,
טעפּיכער פון געזאַנג,
קיין דאָרן זאָל ניט פאַרטשעפּען דיך,
ס'זאָל פריילעך זיַין דיַין גאַנג.

עס דאַרף נאָך דויערן, דויערן.
כ'געדענק, איך וויים עס פעסט:
די וווּנדער-שטאָט וועט די טויערן
צעפּראַלן פאַר די געסט,

וועט ברייטע פּלעצער צעעפענען
מיט פרילינגדיקן וויַין.
אָנקומען וועלן מיר, טרעפן זיך
אין קוועלנדיקער שיַין.

כ'וויים, נאָר דאָס האַרץ צעוויינט זיך גאָר,
און טיף איז דער געוויין:
— מיַין הערשערן, דו, מיַין איינציקע,
קום היַינט אהער צו גיין!

איך וויל, דו זאָלסט נאָענט עטעמען,
איך וויל, דו זאָלסט מיט מיר
שוין היינט אפ די גרויסע שטעכן
זיך לאָזן אפ שפּאַציר.

איך וויל, דו זאָלסט היינט שוין אָנקומען
צום וואלד, אווו איך וווין,
און זיין מיר א פרייד א געשאָנקענע,
און זיין דער שענסטער לוין.

זע איך: העט-ווייט צעכיינסטו זיך
אין וווּנדערלעכער ליכט:
— צי אופ, ווארט אויסעט, איינציקער,
כ'וועל גיך שוין קומען, גיך!

און דו שענקסט מיר פון ווייט א צייכנדל.
די פּיין מיינע פארשווינדט.
און אין דרימל פארגיי איך שמייכלענדיק,
און ס'צערטלט מיך לינדער ווינט.

אפ מיין שטערן אין פלאקער-פייערן —
פון אייביק אָן באקאנט,
איז אדורכגעפלויגן, טייערע,
דיין היילנדיקע האנט.

ב

אין א מײַ-פרימאָרגן אין א ראכוועסדיקן, אין א זוניקן אזא,
ווען ס'קומט אפסנײַ דערפרייען אונדז דער פרילינגדיקער רייעך,
זינגט דורך אין גאָרטן פון שפיטאָל א פרײַנט א רויטארמייער:
— Что ж ты опустила глаза? —

קלינגט דורך אין קאָל זײַנעם די גוטסקײַט ערד-און-הימלס,
זינקט אײַן אין זומפן אלעס, וואָס איז עקלדיק, און ווערעמדיק, און נימעס.
פון אלע טרויערן קומט אוף די בלויע טמימעס
אין קלייד אין איידעלן, א קינדערשע אזא:
— Что ж ты опустила глаза? —

עס קוועלט פון אָנהייב וועלט ביז ענדע וועלט דער שווארצער סאָטן;
— די צניִעס הענגט אפ טליִעס. אויסגעראָטן,
צעטראָטן ווערט דער מיידלשער, דער פרומער אָטעם.
עס וועט דער פרילינג שמעקן ניט מיט בעז!
עס וועט דער פרילינג שמעקן הײַנט מיט מעס!
עס וועלן אלע ריינע הערצער ווערן בייז, און שווארץ, און פוסט!
עס וועלן אלע שיינע טעכטער דינען אין בייס-זנוס!

נאָר דו קומסט אָן מיט לײַכטן שעמעוודיקן טראָט
אינעם גרינעם, אינעם שײַנענדיקן סאָד.
דורך יאר מיט צאר, דורך מיגעס, דורך פארצאמונג-דראָט
דו ביסט אדורך און ס'האָט דיר גאָרניט ניט געשאָדט.

דו קומסט פון ווײַטן פײַערדיקע, און אראָפּגעבויגן
דו האָסט צו וואקסנדיקע גראָזן די פארטרערטע אויגן.
איך גיי אנטקעגן, בא די הענט דיך נעם:
— עס איז א מילדע, א גוטווינטשנדיקע זון דאָ
אפ אונדזער יאם מיט בלוט און אפ די טיפסטע וווּנדן.
ס'לויכט איבער גאָר די ווייטעקן און איבער גאָר דער קלעם
א זון אן אייביקע, א גאָלדענע, א ווארעמע אזא.
וואָס זשע האָסטו, שיינע, זיך פארשעמט?
— Что ж ты опустила глаза?

## פאַרבלוטיקטע ביכער

אַ יונג, וואָס איז געקומען פון דער שלאַכט,
אַ יונג, וואָס האָט באַדינט קאַנאָנעס,
האָט מיר דערציילט אין מאָסקווער אָפּדערנאַכט:

— ווען ס׳האָט געברענט די שטאָט וואָראָניעזש,
ווען ס׳איז געפלויגן אין דער הייך די שרעק,
ווען אופגעריסן האָט די ערד דער מערדער מיט די העק,
האָב איך אין הויף פון אַ צעשמעטערטער ביבליאָטעק,
לעם שטיין און ביין, וואָס איז צעבראָקט און איז צעשפּליטערט,
אין אויסגעמיש פון בלוט און מענטשן־גלידער
געפונען אייערן אַ בוך מיט לידער,
אַ בוך מיט יידישע געזאַנגען.
איך האָב אים אופגעהויבן פונעם בלוט און פונעם אַש,
כ׳האָב אים אַרייַנגעלייגט אין קאָמאַנדירישן, אין גרויסן טאַש
און בין מיט אים אין שלאַכט אַרייַן אַוועקגעגאַנגען.

איז, הייסט עס, דורכן הייסן בלוט פון בייזסטע קריגן
געגאַנגען בין איך, געגאַנגען איז אויך מייַן ניגון?

כ׳האָב זיך דערמאָנט:
ס׳האָט אַף אַ שטאָט דער קאַט דעם פלאַם צעוויכערט.
כ׳האָב פון אַ קלוב אַ כאָרעווג
געראַטעוועט אַ בינטל ביכער.
כ׳האָב זיי אַרויסגענומען פון דער סרייפע,
פון די פייַערדיקע רייפן.
באַלאָדן כ׳האָב די פּלייצע מייַנע
מיט אַ שווערן זאַק
און זיך געלאָזט דורך באָמבע־וועג,
דורך לײדיקן באָלשאַק,
צו מייַנע גוטע־ברידער לעם קאַנאָנעס און מיט שפּינן —
צום פּאָלק מייַנעם, צו מייַן דיוויזיע.

געפלויגן איבער מיר מיט שווארצן טויט
דער הענקער.
מיט ביכער האָט געגרעדט מײַן הארץ:
— כאווײרים דיכטער און כאווײרים דענקער!
די ברידער מײַנע אין דער שלאכט
איך שענק אײַך!
איר זאָלט, פילאָסאָפן,
איר זאָלט, פּאָעטן,
מיט די ברידער מײַנע
ווי די פרײַנט די נאָענטסטע א רעד טאָן.
ס'קאָן יעדן אויגנבליק
א באָמבע אין מײַן ברודערס ברוסט א קלאַפּ, א זעץ טאָן,
זאָל אײַער וואָרט באַם ברודער זײַן
דאָס גלעטנדיקסטע וואָרט אין אויגנבליק אין לעצטן.
נישטאָ קיין העכער גליק,
ווי זײַן א הארציקער באַגלייטער
אריבער גרענעץ שאַרפסטער,
צו דער וועלט דער צווייטער!
איר דארפט, פילאָסאָפן,
איר דארפט, פּאָעטן,
מיט די ברידער מײַנע
ווי די פרײַנט די נאָענטסטע א רעד טאָן!

אַפ גרויסן וועג די שײַן האָט זיך געלאָשן.
געגאנגען בין איך מיט מײַן ליבן אָל
דורך גרויסן וועג, דורך בארג און טאָל.
און פּלוצעם כ'האָב דערהערט א קאָל —
ס'האָט עמעצער געווּפן הויך:
— טאָווארישטש קניגאָנאָשא! —

א מאשין, וואָס גלאנצט אין שקיִע-שטראל.
אין דער מאשין — א יונגער רײַטער גענעראל.
דעם וועג צום פּאָלק מײַנעם איך זאָל אים אָנווײַזן,
ר'האָט מיך געבעטן.

— וואָס טראָגט איר, כאַווער קאָמאנדיר? —
— איך טראָג פילאָסאָפן און טראָג פּאָעטן

צום פֿאָלק מײַנעם, צו מײַן דיוויזיע.
מײַן פֿאָלק? אָט דאָרט, באַם האָריזאָנט, אָט איז ער!

ער האָט מיך אײַנגעלאָדן אין מאַשין,
כ'האָב צו דער מאַכנע מײַנער אים דעם וועג געוויזן;
כ'האָב אַלעס אים דערציילט.
כ'האָב אויך דערציילט אים, אַז צוריק מיט יאָרן
עס האָט אין לאַנד אין אונדזערן,
אין אַ שטאָט פֿון דאָרעם
געלעבט אַ ייִד, וואָס האָט געהייסן בויכער־ספֿאָרים.
געשריבן האָט דער ייִד דער קניגאָנאָשאַ
אַף דער שפּראַך פֿון פֿאָלק מײַנעם, אַף מײַן מאַמעס לאָשן.
אין אָדעס ער שלאָפֿט אַצינד, דער זיידע.
אַרום אים — אַף טויזנט מײַל
די אויסגעקוילעטע, די פֿאַרברענטע אײדע.
אין אַ יאָר פֿון ווייטעק,
אין אַ יאָר פֿון אומגליק בייזן
האָט דער זיידעניו געהייסן:
— שרײַבן זאָלן אייניקלעך מיט גאַל,
מיט בלוט מיט הייסן. —
איצט גייט אַדורך מײַן פֿאָלק דורך וואַרעמס און דורך קאַלטס.
איצט שטעקט באַם פֿאָלק מײַנעם אַ מעסער אינעם האַלדז.
פֿון ראָטערדאַם און ביזן שוואַרצן יאַם —
מייסים, מייסים, מייסים.
טיפֿער קאָן אַף גאָר דער ערד ניט זײַן קיין וווּנד,
טיפֿער קאָן אַף גאָר דער ערד קיין ווײ זײַן.
שרײַבן איצטער, כאַוועך גענעראַל,
שרײַבן הײַנט די אייניקלעך מיט גאַל,
מיט לעבן אייגענעם,
מיט בלוט מיט הייסן...

עס יאָגן שטראָמען אַפֿן שליאַך און אינעם וואַלד,
אַף שטעגלעך דאָרפֿישע און אַף די פֿלעצער פֿון די הויפּטשטעט:
— באַצאָלט, באַצאָלט, באַצאָלט פֿאַר אַלץ! —
די שטראָמען פֿון מײַן פֿאָלק, אָ, כאַוועך גענעראַל,
פֿאָדערן דעם לויִן דעם רויטסטן...

י. דאָברושינען

# אין מאַלבעש רויטאַרמייִשן

איך בין אין ווײַטער מיזרעכדיקער שטאָט
אַרײַנגעטראָטן
אין מאַלבעש רויטאַרמייִשן,
מיט צאָרן אָנגעלאָדן.
ס'איז לײַכטער מיר געוואָרן:
ס'איז אַ מענטש אין אָט דער שטאָט דאָ,
ווי אַן אָנזאָג
אף די שפּעטערדיקע גנאָדן,
ווי מײַן שיינער ייִכעס,
ווי מײַן ליבע שליכעס,
ווי מײַן קרעפטנדיקער באָדן.

עס האָט דער מענטש דערשפּירט,
עס האָט דער מענטש דערפילט:
געקומען בין איך
ניט פון לײַכטער, ניט פון פּוסטער שפּיל.
כ'בין אָפּגעקומען, ניט קעדיי מיט גאָרניט אָפּקומען,
ניט קעדיי פאַרביליקן די פּײַן, דעם וועג, דעם ציל.
דער מענטש האָט אַ געלעגער אויסגעבעט מיר
אפן דיל.
געוועזן איז דער געלעגער האַרט,
נאָר ס'איז דער מענטש געוועזן צאַרט.
איך האָב געהערט, געהערט:
ער זאָגט די ווערטער מיר די טיף-באַגערטסטע,
די רייד די פרײַנטלעכע,
פאַר שווערער לייד—די גוטע רייד די ערשטע.

עס איז געווען דעם האַרצן מײַנעם — אַ רעפּוע,
אַ יעשוע —
פֿאַר שאַרפֿע ווייטעקן, פֿאַר שוואַרצע פּכאָדים,
פֿאַר בייזע אומגליקן, פֿאַר גרויסן שאָדן.

איך האָב געהערט, געהערט,
געהערט,
און אופגעגאַנגען איז אין מיר
מײַן ווערט,
און יונגע קויכעס מײַנע
האָבן זיך פֿאַרשטאַרקט, פֿאַרמערט,
ווי כ׳וואָלט זיך צוגעטוליעט
צו דער ערד, וואָס נערט,
צום זאַפּטיקן, צום כיעסדיקן באָדן.

כ׳האָב לײַט אַ סאַך געוווּסט,
נאָך מערער כ׳האָב דערקענט שוין.
ס׳איז טײַער מיר דער גרוס,
וואָס איז ניט פּוסט,
דער גרוס דער עמעסער
אין אויגן פֿון אַ מענטשן.

די יונגקײַט מײַנע
פֿלעגט אַזוי טאָן:
זי פֿלעגט די לײַט אַרויסברענגען אין פֿעלד אַרײַן,
אַקעגן ראַכוועסן אין פֿרילינג־טאָג צעבלויטן
און יעדערן פֿון זיי אַ פֿרעג געבן:
— ווער ביסטו?
אַקעגן ווײַט און הייך אין בלוי
דו ווערסט ניט קליין? דו ווערסט ניט נישטיק? —
הײַנט ברענג איך לײַט אַרויס
פֿון שמאָלן הויז
אין סטעפּ אַרײַן,
וווּ ס׳איז דאָס פֿײַער גרויס,
איך שטעל אַוועק זיי
נאַקעט, בלויז

אקעגן הייך
אינ פלאקער-רויטס,
אקעגן ווײַט
אינ פלאקער-רויטס.

אינ די פעלדער
ווילדע כײַעס וויענ.
אינ די וועלדער
גוואלדעווענ פארגוואלדעוועטע פרויענ,
די מאכנעס מײַנע שפאנענ בײַקומענ
דעם טויהו-וואָוויהו.

איך גיב די לײַט א טראָג, א יאָג
דורכ פלאמיקנ ניסאָיענ.

אונ עמעצנ איך זאָג:

— נאָענטער!
ווענ אלעס האָט געברענט דאָ,
דו ביסט א מענטש געווענ דאָ.
דו בלײַבסט א כאווער מיר,
דו בלײַבסט א ברודער מיר
אפ שטענדיק...

# דורכ אָט דער וועלט

אנטשולדיק מיר מײַנ וויסט אונ פינצטער אויסזעג:
איכ לעב אפ אָט דער וועלט שוינ פיר יאָרטויזנט.
איכ האָב געבויט די פּיראמידנ אינ עגיפּטנ.
אנטשולדיק מיר, דעם אוראלטנ פארליבטנ.

כ׳בינ מיט מײַנ פּאָנעם, מיט מײַנ גוירל אינ מײַנ פאָלק געראָטנ.
געטראָטנ אינ דער אייביקײַט, כ׳ווער אייביק ניט צעטראָטנ.
געדראָשנ אינ דער אייביקײַט, כ׳ווער קיינמאָל אויסגעראָטנ.

פונקט ווי מײַנ פאָלק, איכ צאָל די מוירעדיקע דוירעס מוירעדיקנ שטײַער.
פונקט ווי מײַנ פאָלק, איכ ברענ, אונ עס פארברענט מיכ ניט דאָס פײַער.

איכ בינ געגאנגענ קעגנ פרעכע גריכנ מיט די יונגענ די מאקאבים.
איכ בינ געגאנגענ מיט די רוסנ קעגנ פרעכע פרײַסנ, קעגנ ווילדע שוואבנ.
איכ טראָג אינ זיכ די שווערע טרערנ פונ די קינדער אינעם מיטנ מאבל.
אצינדערט טרינק איכ פונעם קאָס די ביטערסטע פארדראָסנ.
אצינדערט גיי איכ אומ, פונ קאָפ ביז פיס מיט בלוט באגאָסנ.
אצינדערט ליג איכ אינ די טיפע ריוונ ווי א הונט צעשאָסנ.

הײַנט בינ איכ מיד מעסוקנ.
הײַנט אײַנגעבויגנ איז מײַנ רוקנ.
הײַנט בינ איכ דאר אונ טרוקנ.
הײַנט פול בינ איכ מיט וויי אונ פול מיט צאר בינ.
נאָר כ׳לעב, אונ לעב, אונ כ׳וועל ניט שטארבנ.

מאָרגנ וועט אדורכגיינ א רעגנדל, וואָס איז מעכײַע.
כ׳וועל אופשטיינ אנ ערשט-געבוירענער, א שפּאָגל-נײַער.

ווי נאָר אַ ווינקעלע פון אויג דײַנעם צעווינקסטו,
ווי נאָר דאָס קעלעכל — דאָס קוועלעכל גאַנצפּרי צעקלינגסטו,
כ׳וועל לאָזן זיך אין ווײַט, דער ייִנגסטע, און דער פלינקסטער, —

פון פעלד, ווו ס׳האָבן שטיוול מיך געקנאָטן,
פון פעלד, ווו מ׳האָט די אויגן מײַנע מיט צעגליטן בלײַ פאַרשאָטן,

פון פעלד, ווו ס׳האָבן מיך געפּיקט די הונגעריקע ראָבן,
פון פעלד, ווו מע האָט מיך מיט אײדע מײַנער לעבעדיקערהייט באַגראָבן —
פון סטעפּ דעם גרויזאַמען, פון סטעפּ דעם ברייטן

איך וועל דיר ברענגען אומגעהייער רויטע, פײַערדיקע קווייטן,
עס זאָל לײַכטער, פריידיקער דיר, זוניקע, דיר, וווּנדערלעכע פרוי, זײַן.

אַנטשולדיק מיר מײַן וויסט און פינצטער אויסזען:
איך שפּאַן צו דיר דורך אָט דער וועלט שויך פיר יאָרטויזנט.

# אָנדענק

ה. שווערדיקן

אינ טאָג צעטרייסלטן, אינ וועלט פארבלוטיקטער
מיט אויגנ מיט געעלטערטע ארויסגיינ:
די רויטע שטראָמענ זידנ.
ניט פארטיליקט נאָכ דאָס בייז.
ס׳טוט ווײ דאָס הארצ, ס׳טוט זייער ווײ.
ווו איז מײַנ טרייסט?
עס האָבנ יונגע פרײַנט
דערמאָנט מיכ אפנ שלאכט-פעלד פארנ אויסגיינ.
עס האָט א כאווער מײַנער
אינ סאנטייל,
אינ בלוט פונ וווּנד,
וואָס קאָנ ניט ווערנ אויסגעהיילט,
אינ היצ פונ גסיסע,
פארנ אויסהויכ פונ נעשאָמע
דערזענ מײַנ פאָנעמ
אונ דערמאָנט מײַנ נאָמענ
אונ האָט דערפילט,
אז כ׳קוש אימ, כ׳קוש אימ הייס.

אָט איז אינ טאָג אינ בלוטיקנ
מײַנ טרייסט.

אפ שלאכט-פעלדער פונ צאָפנ,
אפ שלאכט-פעלדער פונ דאָרעמ
די כאווײרימ מײַנע שלאָפנ
אינ די פרישע קווארימ.

זאָל זײַן מײַן וואָרט א שייד
פאר זייער ניט געשטילטן צאָרן.
זאָל זײַן מײַן ליד פאר זייער שטראַלנדיקן בלוט
א שאלנדיקער האָרן.
זאָל זײַן א טעמפּל זיי
מײַן שטענדיק שלאָפלאָזער זיקאָרן.
זאָל זײַן מײַן וואָרט
פון זייער הייסער שטומעניש א הייסער כיילעק.
זאָל זײַן מײַן וואָרט א דענקמאָל זיי אף אלע יאָרן:
— הייליק! הייליק! הייליק! —

נאָך אף די שטרעקעס ניט פארמעקט
די פּײַן, די שרעק.
ס׳טוט ווײ דאָס הארץ.
אוי, לאָמיך נעבן ברעג פון וועג
אין זײַלן גאָלדענע
פארוואנדלען מײַן פארמעג.
כ׳בין דורכגעגאנגען ווערסט א סאך.
כ׳בין דורכגעגאנגען ניט פארפלעקט.
כ׳האָב מיט מײַן פאָלק געטיילט
דעם טיפסטן ווייטעק.
אין פײַער זײַנען מיר מיט פאָלק מײַנעם
געבליבן ניט צעשיידטע.

זאָל זײַן מײַן וואָרט, מײַן הארציק וואָרט —
א קוויטל,
זאָל זײַן מײַן וואָרט, מײַן שווערדן-וואָרט —
א שוווּע
אף די כאווײרים מײַנע אינעם ריוו,
אף זייער אייביק רו-אָרט.

ס׳קער ערגעץ זײַן דאָך א געצעלט,
וווּ צונויפגעזאמלט ווערן אלע פראָטים.
ס׳קער ערגעץ זײַן א פּלאץ אף דער וועלט,
וווּ פריש און ניט פארוועלקט בלײַבט יעדער אָטעם.

זאָל דאָרט פאַרצייכנט זײַן,
אַז דורכגעגאַנגען דורך אַ גרויסן דאָר כ׳בין,
אַז מיט כאַוויירים כ׳בין אין פלאַם געווען
און בין מיט זיי געשטאָרבן,
און אויפגעלעבט איך האָב מיט זיי אין וועלט אין טײַערער,
פון סאָנים און פון ווייען אויסגעלייזט.

אָט איז אין טאָג אין בלוטיקן
מײַן טרייסט.

1943

## נעבן קיעוו

### א

ווי וויל, ווי ליב, ווי צארט עס האָט א קלונג געטאָן:
— גענומען ניעזשין! —

עס האָט אין הארבסט א שמעק געטאָן מיט קיעווער פרילינגען,
מיט קיעווער בעזן.
שוין נאָענט דארניצע...
פון אלעם צאר ווער, לאנד, ווער, הארץ, גענעזן.
די קיעווער גערטענער —
אף הויכן בארג איך זע זיי שוין, איך זע זיי.

ווי וויל, ווי ליב, ווי צארט עס האָט א קלונג געטאָן:
— גענומען ניעזשין! —

און ווידער יאָגן וועט צו אונדזער שטאָט דער שיינער
אונדזער שנעלצוג.
און ווידער פריי
צעפראלט, צעשטראלט פאר אונדז די וועלט זיין.

ס'וועט שווער נאָך זיין?
דאָרט צווישן גופים פאלנדיקע איך מיין גוף פאלט.
ס'איז אויך מיין ברוסט געשטעלט נאָך
קעגן שפיז און קעגן שווערד און קעגן בריענדיקן צופאל.
נאָר, כאָווער,
איך זע שוין: אָט, אף יענער זייט פון טייך,
מיט צוזאָגן מיט וווּנדערלעכע רייך,
מיט גינגאָלד טייערן עס רופט
דער קופּאָל פון דער לאַווּרע.

הערט נאָר, הערט נאָר!
הערט נאָר!

עס שמעקט אַפּ שטרעקעס אונדזערע
מיט וועסנעס אומפאַרגעסלעכע פון קיִעווער גערטנער!

...מע האָט דיר, שיינער מײַנער, בליִענדיקער קיִעוו,
די אויגן אויסגעשטאָכן, דיך ארופגעצויגן אַפּ א טליִע.
מ׳האָט דיך געקרייצט. מ׳האָט דיך געפערטלט.
נאָר דו ביכט דאָ. דו לעבסט. דו ביסט אַפּ אונדזער ערד דאָ.
און ווי די בערג דײַנע, איז הויך דײַן שיינקייט און דײַן ווערדע.
מיר וועלן היילן דיך מיט אונדזער טיפסטן צערטל.

עס וועט דערהערן אַפּ דער וועלט די ווײַטסטע וויספּע
דעם הילך פון אונדזער הארבן מישפּעט.

ווערסט, קיִעוו, אופשײַנען מיט יעדן ווינקעלע, מיט יעדן גרעזל.
מיט קושן וועלן מיר דיך אויסהיילן פון אלץ, וואָס איז מיט דיר געוועזן...

...ווי וויל, ווי ליב, ווי צארט עס האָט א קלונג געטאָן:
— גענומענע ניעזשין!

ב

מיר שלאָגן זיי. מיר יאָגן זיי.
עס טראָגט דער ווינט זיי.
דו, טײַוול פינצטערער,
וואָס האָסט געוואָרגן און געסאַמט,
צום דניעפּער כ'בין געקומען
און איך ליג אין זאַמד,
אין זאַמד אין וואַרעמען
פון מײַן טרוכאַנער אינדזל.

און אַקעגן,
אָט, אַפ יענער זײַט אַקעגן —
איבער מירמלדיקע שוועלן
האָט דעם טעמפּל אופגעהויבן צו דער הייך
ראַסטרעלי.

און אַקעגן,
אָט, אַפ יענער זײַט, אַקעגן
אין די גערטנער ווינקט
אַ לויטער-אָסיענדיקער פרי מיר.
און צו קאַנטן,
וואָס זיך קינדעריש פרייען,
און צום לאַנד מײַנעם,
וואָס וועט ניט אונטערגיין,
טײַט וואָלאַדימיר.

אַלעס, אַלעס, אַלעס
זעען אַזוי קלאָר

אין טאָג צעדונערטן,
אין נאכט צעבליצטער.
פון אזויפיל זעונג,
פון אזויפיל וואָר
ווי האָסטו עס, מײַן הארץ,
נאָך ניט געפלאצט ביז איצטער?

דאָרט, אף יענער זײַט, אקעגן,
אף די בערג די ווילע,
דאָרט, אף יענער זײַט, אקעגן,
אין די גראָזן פון בעסוילעם
מײַנע ברידער ליגן אויסגעשאָכטן,
מײַנע ברידער — אויסגעקוילעט.

דאָרט, אף יענער זײַט, אקעגן —
וואלגערט זיך אין בלוט מײַן דאָר.
אויגן דורכגעבויערטע,
ציין פארקריצטע.
פון אזויפיל זעונג,
פון אזויפיל וואָר

ווי האָסטו עס, מײַן הארץ,
נאָך ניט געפלאצט ביז איצטער?
— — — — — — — — — — — — — — —
איך האָב געדענקט דיך אומעטום און אלעמאָל,
אין אָוונטן און אין באגינ...
דורך פינצטערניש אין צאָפּן-נאכט
עס האָט געיאָגט מײַן לאסט-מאשינ.
און פון דער פינצטערניש האָט אפן שליאך
באוויזן זיך א גייער.
ס'איז פון דער פינצטערניש ארופ אף מײַן מאשינ
א רויטארמייער.
און ווערטער צוויי א זאָג געטאָן,
ווערטער צוויי, וואָס שטעכן און וואָס בריִען:
— געפאלן
קיִעוו...—

ס'האָט צאָרנ מיר דעם הימל מײַנעם
מיט א שווארצנ טוך באדעקט.
ס'האָט צאָרנ מיר די טיפנ מײַנע
אופגעריסנ, אופגערעגט:

— עס איז דער פּײַנט מײַנ לאנד באפאלנ פּרעכ.
ווי קאָנ איכ רוענ אינ די טעג,
ווי קאָנ איכ שלאָפנ אינ די נעכט,
ווענ ס'האָט דער פּײַנט מײַנ ערד פארפלעקט,
ווענ ס'איז מײַנ שטאָט פארשוועכט...
— — — — — — — — — — — — — —

כ'בינ אפּנ דיל אינ שטוב אינ דאָרפישער
נאָכ קריגערישנ וועג — אינ שלאָפ אוועק.
כ'בינ אפּנ דיל אינ שטוב אינ דאָרפישער
געלעגנ מיד, געלעגנ מאט.
אונ ס'האָט א קאָל
מיכ אופגעוועקט —
באם שײַנ פונ קאנעצל
א רויטארמייער לייענט פונ א בלאט:
„52 טויזנט אפּ לוקיאנאָווקע פארזאמלט.
געווענ דאָרט גראָער זאָקנ אונ געווענ דאָרט יונגע מאמע..."

עס האָט מײַנ האנט
א יאָג געטאָנ זיכ צום נאגאנ:
— עס איז א ריכטער אפּ דער וועלט פאראנ!
עס איז א מישפּעט אפּ דער וועלט פאראנ!
מיר וועלנ, קיעוו-שטאָט, זיכ אומקערנ
אינ דויכ פונ טרייפעס.
מיר וועלנ, קיעוו-שטאָט, זיכ אומקערנ
צום אש פונ דײַנע הויפנ,
אונ ס'וועט באלוינט ווערנ פאר יעדנ ווײ-געשריי
פונ יעדנ קליינעם אייפל...

ג

איך וועל אָנטאָן שוואַרצע טרויער־קליידער
און זיך לאָזן זוכן מײַנע שכײנים.
איך וועל אָנטאָן שוואַרצע טרויער־קליידער,
כ׳וועל אין גאַסן אומגיין און ניט וויינען.

מאָנען וועט דאָס בלוט אַף בערגלעך און אין סעדער.
מאָנען וועט דאָס בלוט אַף שטיינער און אַף פּלויטן.
וועל איך אויסטאָן מײַנע שוואַרצע טרויער־קליידער.
וועל איך אָנטאָן קליידער פֿײַער־רויטע.

און ס׳וועט נאָכגיין מיר דער גוואַלד־געשריי פֿון מאַמעס,
און ס׳וועט נאָכגיין מיר דער קינדערשער געיאָמער.
און אַף מײַרעוו, דורך די שטעט, וואָס פֿלאַמען,
וועלן מיר זיך לאָזן אַף נעקאָמע.

ד

אלע וועגן וועלן זיך פאר זיי פארוויקלען.
ס'וועט ניט זײַן אין ערגעץ ניט פאר זיי קיין מיקלעט.
ס'וועט ניט זײַן אין ערגעץ ניט פאר זיי קיין רעטונג.
ווו זיי וועלן נאָר א שפאן, א טרעט טאָן,
וועט א שטיין דעם קאָפּ זיי פּלעטן,

וועט א פויסט א פעסטער זיי דעם קאָפּ צעברעכן,
וועט א שפיז א שארפע זיי דאָס הארץ צעשטעכן.

אלע וועגן וועלן זיך פאר זיי פארוויקלען.
ס'וועט ניט זײַן אין ערגעץ ניט פאר זיי קיין מיקלעט.

ביז דײַן הארץ, אָ, קיִעוו-שטאָט, וועט זיך ניט קילן.
ביז דײַן בלוט, אָ, קיִעוו-שטאָט, וועט זיך ניט שטילן.

1943

# אַן טומל

ע. פאלקאָוויטשן

די שלאכט די היציקע, די ערד איז אופרײַסן,
די וויכערן מיט אש —
ניט אין ראש. אפילע ער אליין, דער ראש,
דער הילך דער קרעפטיקער פון אונדזער האס,
דער קנאל דער מעכטיקער פון אונדזער סינע
וועט בלײַבן עטעמען אַפּ גאָר דער וועלט
אין שטים פון שטילקײַט דינער, דינער.

ס'איז שטרענג, געצוימט
און טיף באַשיידן
דער הוילעכ פון דער העלדישקײַט,
דער בליק פון אָפּגעהיטע ליידן.

דער, וואָס איז ד אָ ר ט געוועזן,
ווער ס'האָט פארזוכט דעם טאַם פון לעבן און פון טויט דאָרט,
דער ווײַכט פון פלוידערײַ,
און טרײַבט די פוסטעניש, און זיך ניט רימט,
און זיך ניט גוידערט.
בעסוידע־סוידעס וועגט ער אָפּ די ערד
מיט ריכטיקע, מיט פּינקטלעכע געוויכטן.
ער גייט אדורך דורך טעג און נעכט
מיט טריט ניט שרײַענדיקע און מיט פעסטע רעכט
צו זײַן דער ערלעכער, דער עכטער ריכטער.

איך קוק אין אויגן אים ארײַן.
איך זע דאָרט שטארקײַט, און איך זע דאָרט פּײַן.
איך זע דאָרט הונדערט טויזנט פּײַערדיקע בילדער.

קיין שפּור פון טומלעניש.
קיין סימען פון געפילדער.
ס'איז זייער טיף דאָרט
און ס'איז זייער שטיל דאָרט.
ס'קוקט אפּ דער וועלט א שויפעט פון דער וועלט.
ס'קוקט אפּ דער וועלט א פּריינט א מילדער.

דער, וואָס איז ד אָ ר ט געווען
און האָט מיט טויזנטער געשטורעמט און געצאפּלט,
היט אָפּ זיין ביי־געקראָגן האָב־און־גוטס,
ד'עם ווי זיינעם, ווי דעם שווארצאפּל.
ער טרייבט די דריבנקייט,
ער יאָגט די נידעריקייט און דעם פּלאפּל.
ער ווייסט אליין זיין גראד,
ער ווייסט אליין זיין שטאפּל:

ער קען דאָס זיגערישע פאָלק
אפּ יענער זייט פון ווייטע האָריזאָנטן,
ווי דעם סאמע היימישן,
ווי דעם סאמע נאָענטן.

וואָס דארף ער ליב,
אויב ער אליין דאָ טוט זיך בוקן
פאר שטראלן אין די שטויבן אפּ דער ערד,
פאר אומשולדיקע טויבן אין דער הייך,
פאר זינגענדיקע קינדער פון דער צוקונפט.

דערווייל איז אים גענוג —
א כאוועריִשער קוק,
א רוף פון א פארוווּנדעטן — א דורכגייער מיט אומבאוווּסטן נאָמען:
— ברודער מיינער פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע!

## מײַן מאכנע רופט

I

א טיפֿער פֿרילינגדיקער װאַלד מיט הױכע סאָסנעס,
עס װעקט מיך אױף גאַנצפֿרי א גלעטנדיקער שטראַל.
קײן קנאַל און קײן געשרײ, קײן גװאַלד, קײן שאָס ניט.
ס'איז מיר געשענקט א שאָ אױף אָפּרו, אױף „פּריװאַל".
כ'האָב אױף א רעגעלע די מידע אױגן מײַנע צוגעשלאָסן.
כ'זע אַלץ. עס פֿעלט קײן אָס. כ'זע אַלץ.
ס'איז די געדיכטעניש, װוּ מיטן כאַיל מײַנעם כ'טאָג און נעכטיק.
מײַן כאַיל מאָנט: — זאָג װעגן אונדז דאָס װאָרט דאָס עכטע!

II

כ'װאָלט עס נאָך לאַנג, גאָר לאַנג געהיט אין טײַערסטן פֿון סײפֿן —
אַלץ, װאָס געשען, אַלץ, װאָס געזען, געהערט, געטאָן.
נאָר ס'מאָנט די מאכנע מײַנע, און עס מאָנט די סרײפֿע.
עס מאָנען די קאָרבאָנעס אונטער הונדערט טױזנט טאָן.
עס מאָנט דאָס בלוט, װאָס האַסטיק שלאָגט אין מײַנע שלײפֿן.
עס מאָנט דער פֿרײַנט דער אומגעקומענער: — פֿאַרשרײַב, דערמאָן! —
זאָל זײַן דער האָריזאָנט פֿון פֿרילינג מײַן גוטװינטשנדיקער פֿאָן.
כ'טו, װי איך קאָן. כ'טו, װי איך מוז. כ'הײב אָן.

III

מײַן כאַיל איז מיט מיר. לעם שױב, אָט-אָט, אקעגן —
דרײַ טױזנט פֿענעמער, מײַן יאַראָסלאַװלער פּאָלק.
אױף אײביק האָט פֿאַרכאַװערט אונדז דער קױלן-רעגן,
דער שנײ, דער פֿלאַם, דער װעג, דער שװערער אָל.
כ'ליג קאָפּ צו קאָפּ באַם שײַטער מיט מײַן צאָפּנדיקער געגנט.
די װאָלקנס איבער אונדז, און אין די הענט — דער שטאָל.
עס בעטן שטעכנס מיט לײַב אין פֿײַערדיקע טעג-מעסלעסן:
— די פֿעדער נעם! פֿאַרשרײַב! מע זאָל אונדז ניט פֿאַרגעסן!

IV

כ׳וועל אלץ פארצייכענען. און עכט וועט זײַן מײַן לאָשן,
ווי ניט געפעלשט דער סאָד איז, וואָס די ערד האָט מיר פארטרויט,
ווי אופריכטיק עס איז געווען מײַן פרײַנט, וואָס איז בישטאָ שוין,
ווי עמעסדיק דאָס גארן נאָך ניצאָכן און נאָך ברויט.
כ׳וועל אלץ פארצייכענען. ס׳וועט זײַן דאָס וואָרט מײַנס פּאָשעט,
ווי גאָר דאָס לעבן און ווי גאָר דער טויט.
מײַן וואָרט וועט זײַן אי פּראָסט אי גאָר ניט אזוי פּראָסט,
און ס׳וועט פולבלוטיק זײַן: ס׳האָט בלוט א סאך געקאָסט.

V

זאָגט איינער: — ווייל. נאָר צו א וועלכן פון די זשאנרען
פארעכענען? — און נאָכעט איינער זאָגט:
— עס איז דאָ, דאכט זיך, ווייניק פילאָסאָפיע פאראנען,
און, דאכט זיך, צופיל פרימיטיווס די ליד פארמאָגט. —
עס איז דער זשאנר פון שלאכט-פעלדער און זעלנערישע באנען!
עס איז דער פרימיטיוו פון אופרײַסן און גרימצאָרן און הייסער קלאָגן!
די גרוילן מעסט איר, וועגט איר, ווי דעם מישקל פון פּאָעמעס,
און איך וויים איינס: פאראן דאָ בלוט און עמעס.

VI

קרימט ערגעץ נאָך א פלאץ-פּאיאץ, א נישט, א ניט-פארגינער,
א פײַנט, וואָס טאנצט, און לעצעוועט, און פרעסט, און זויפט.
מײַן מילדקײַט לאכט פון זיי, דעם קאָפּ זיי פּלעט מײַן סינע:
— היי, איר, מײַן מויעך איז נאָך שטארק צום שארבן צוגעשרויפט.
מײַן זינען דינט מיר נאָך ווי די געטרײַסטע פון מאשינען.
מײַן הארץ איז ניט פארבלענדט, און ניט פארשווענדט,
און ניט פארשטויבט.
עס קראכן שטעט מיט הילך. דער בלוט-אָקיאָנוס זידט.
איך זינג מײַן ליד מײַן יידישע, איך וויין מײַן ליד.

VII

און דו, וואָס כ׳וואַרט אף דיר, ביזוואנ ווערסטו זיך זאמען?
דו קלײַבסט זיך, קלײַבסט זיך אלץ. מעסלעס גייט נאָך מעסלעס.

און ס׳קומט ניט אָן קיין בריוו, און ס׳קומט קיין טעלעגראַמע.
מיט שווערן רויגעז איבעריקן ווערט מײַן האַרץ פאַרפרעסט.
אוי, ליבע מײַנע, אַלע ערדן, אַלע הימלען פלאַמען.
כ׳וועל אויך פאַרברענט ווערן. נאָר כ׳ווייס דאָך פעסט:
ס׳פאַלט סײַוויסײַ אַף יעדן אַס פון אָט די בויגנס
די ווילע, גוטע שײַן פון דײַנע טרײַע אויגן.

VIII

מײַן מאַכנע רופט. און אַלע נאַכט עס פליִען באָמבאַרדירער
הויך איבער קאָפּ מײַנעם דורך הימל-שליאַכן צו דער שטאָט בערלין.
ס׳האָט יאָסיף סטאַלין הײַנט געזאָגט — מײַן קאָמאַנדיר און פירער:
— אָט מאָרגן-איבערמאָרגן וועלן די אַנטשיידנדיקסטע
שלאַכטן זיך צעגלי׳ן.
אַ טיפער וואַלד. אַ סאָסנע-דאַך. אַ צופעליקע דירע.
מײַן לירע פליט מיט דיר, מײַן רויטע לופט-מאַשין!
זאָל זײַן דער האָריזאָנט פון פרילינג מײַן גוטווינטשנדיקער פאָן.
כ׳טו, ווי איך קאָן. כ׳טו, ווי איך מוז. כ׳האָב אָן.

1943

# אין אייג־און־פערציקסטן

א. א וואלד־געדיכטעניש

אין אייג-און-פערציקסטן, אין כוידעש אין סענטיאַב.
א וואַלד-געדיכטעניש, א צימער פון א שטאָב.

פון פרי ביז שפעט,
נאָכאמאָל און ווידער און באַנײַס א קאָן —
אין אלע ווינקלען קלינגט דער טעלעפאָן:

— בערעזע רעדט?
— סע רעדט דער דעמב...
— די סאָסנע רעדט?
— די סאָסנע רעדט?—

און נאָכאמאָל און ווידער און פון אָנהייב אָן:

— סע רעדט דער קליאָן?
— סע רעדט דער דעמב...
— די סאָסנע רעדט?
— די סאָסנע רעדט?—

און טאָג און נאכט סע פאלט
דער בלאט דער גאָלדענער אין וואלד.
און טאָג און נאכט דאָס פאָלק דורך שטעגן טרעט,
דאָס פאָלק, וואָס גייט אין ריזיקן געוועט,
דאָס פאָלק, וואָס גייט אקעגן שווארצן שעד.

פון באגין און ביז באגין
באם פאָלק איך דין,

איך זע און איך פארנעם:
סע שרייַען שטעט פארקלעמט.
סע שרייַען נאקעט-פלאקערדיקע שטעט:
— רעט אונדז! רעט אונדז! רעט!

און טאָג און נאַכט דאָס פֿאָלק צום קריג גייט דורך —
א מעכטיקער באַגער.
און טאָג און נאַכט דאָס פֿאָלק צום קריג גייט דורך —
א לויכטנדיקע שווערד:
— אַף אונדזער ערד וועט ווערן, פֿײַנט, דײַן קראַפֿט צעשטערט!
— אַף אונדזער ערד וועט ווערן, פֿײַנט, דײַן קויעך אָפּגעטעמפּט!..

•

— בערעזע רעדט?
— די סאָסנע רעדט?
— סע רעדט דער דעמב...
— דער דעמב...
— דער דעמב...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

לעם שויב — נעקראַסאָווס אָזערע,
נעקראַסאָווס לויטער-אָסיענדיקע טעג.
ס'איז דאָ אַמאָל געגאַנגען נעקראַסאָוו אַף געיעג.
ס'איז יעדער שטעג אין וואַלד מײַנעם — זײַן שטעג.
די ביימער זינגען אינעם וואַלד זײַן ליד.
זײַן פֿאָלק גייט דורך צום קריג מיט זײַנע טריט,
מיט זײַנע אויגן און מיט זײַן געמיט.

ער שעפּטשעט פֿון די בלעטער, פֿון די שטאַמען
מיט ניגון האַרציקן פֿון רוסלאַנד-מאַמע:

„דײַן ליד וועט קלינגען — הער זיך צו —
אַף וואָלגע, אַף אָקאַ, אַף קאַמע,
ליולי, ליוליוליוּנקע, ליו-ליו..."

ער גייט אַרום אין וואַלד פֿאַרקלערט,
און קוקט, און הערט:
אַפּסנײַ דער ליבער ערד —
אַדורכגיין הײַנט דורך בלוט און פֿײַערן באַשערט.
דאָס גאַנצע פֿאָלק — א לויכטנדיקע שווערד...
ער קושט דאָס פֿאָלק, ער בענטשט די שווערד.

ארום דעם וואלד איז שטיל אינ דערפער.
אפ אלטנ גאנעק ווארעמט זיכ א גראָער מאנ.
ס'איז דאָס לאנד מיט אייביק־יונגנ קערפער
באשיצנ זיכ אוועקגעגאנ.
אונ כמורנע־ערנסט איז די שטוב די פראָסטע,
אונ כמורנע־ערנסט לעבנ קאַלטנ גלאָז
קוקט אונ קוקט ארויס די באלעבאָסטע,
ס'זאָל זיכ אומקערנ דער באלעבאָס.

אונ נאָענט יאָגט איר שטרענגע וועל די וואָלגע.
אפ ברעג אירנ אינ מאכנעס אינ אָנצאָליקע
דאָס יונגע פאָלק מיט אײַזנ אונ מיט שטאָל גייט.
ווו א שטעג נאָר, ווו א וועג נאָר, ווו א שליאכ —
נעקראסאָווס בריק, נעקראסאָווס בליק, נעקראסאָווס שפראכ.
מיט אויג, וואָס איז באטרערט,
ער שטייט אינ רייענ מיטנ פאָלק, וואָס טרײַהײַט שווערט,
ער קושט דאָס פאָלק, ער בענטשט די שווערד:

„אינ פארוואָרפנסטנ דאָרפ, אפ דער הייליקער Русь
זאָלנ מאמעס דערהערנ: דער פײַנט איז געטייט,
אונ דער זונ איז געזונט, מיט ניצאָכנ ער גייט,
אונ ניט זאָרגנ ער הייסט, שיקט א הארציקנ גרוס...״

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

באנאכט ער קומט מיט מיר ארויס צום ברעג פונ וואלד.
אינ הויכנ בלוי די וועלט מיט די מאזאָלעס פלאטערט.
צו גאָר דער ברייט א האָרנ שאלט:
סע גייט דאָס פאָלק אוועק צום קריגס־טעאטער,

דאָס פאָלק, וואָס קיינמאָל ווערט ניט אלט,
דאָס פאָלק דאָס קיינמאָל ניט פארמאטערטס.
צום שלאכט־פעלד גייט אוועק דאָס לאנד ראסיי —
אונ מיר אינ ריי, אינ סאמע מיטנ ריי.

ב. נעמען

מײַן פֿאָלקס פֿאמיליעס, מײַן מאכנעס מיליטערישע בילעטן.
דרײַ טויזנט ביכלעך מיט װוּנדערלעכן בלענד.
מיר װילט זיך יעדער טעװעלע א גלעט טאָן:
— געגריסט זײַ, לעבעדיקער מענטש!—

סע איז די גאנצע שטרעקע דאָ פֿאראנען,
פֿון גאָר אמאָל און אזוי הײַנטיק הייס.
פֿאראן פּעשקאָװ דאָ, און פֿאראן דאָ פּושקין, און פֿאראנען דאָ סוסאנין
(איך אָרדן אײַן זיי לויטן אלעפבייס).

פֿאראן אוליאנאָװ דאָ און פֿאראן סוװאָראָװ.
הױך די נעמען, גרױס און שיין.
באם פֿאָלק זיי האָבן דאָ א גרויסן קאָרעװ —
דאָס פֿאָלק אליין.

דרײַ טויזנט ביכלעך, דינע מיליטערישע בילעטן —
מײַן לאנד מײַן לעבעדיקס, מײַן לאנד מײַן רויטס.
איך קום ארויס אין װאלד, פֿון גרויסן צעטל
די נעמען, װעלכע שעמען, רוף איך אויס.

שטעלט אוף זיך נעבן מיר אין װאלד די גאנצע שטרעקע,
דאָס פּראָסטע פֿאָלק, מיט אינערלעכער שײַן באצירט —
די מוליערס, און די סטאָליערס, און די שוסטערס, און די בעקערס,
און די פּעסטע בויער פֿון קאָלװירט.

מיט שטרענגע פּענעמער סע שטייט פֿאר מיר די רײַכע מאסע,
די ערד די רוסישע, איר טװוע און איר צוויט.
און רוף איך אויס: — נעקראסאָװ! — שפּאנט ארויס נעקראסאָװ,
א גוואר א פּאָשעטער, א יונגער שמיד.

און שײַנען שײַנט עס מיר, ווי איך וואָלט אופגערופן
פון טיפן — אַלעס, וואָס איז שטאַרק און צאַרט,
דאָס פאָלק דאָס הויכע אַף דער הויכער שטופע
מיט גרויסן נאָמען און מיט גרויסן האַרץ.

ס'וועט באַלד אַ שפּאַר געבן מיט גיבערישע גופים
אַריבער יאַר און באַרג, אַריבער אומגליק און געפאַר,
מיט איין פאַרלאַנג, מיט איין געזאַנג, מיט איין געדראַנג:
— מײַן לאַנד באַפרײַ! דעם זיג דערלאַנג!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

1941

# געזאנג וועגן לויב

1

קיין מיַירעוו-זיַיט שריַי איך:
— אָ, פֿאָלק מיַינס, ווּ ביסטו? —
סע ענטפֿערט ניט קיינער.
סע ענטפֿערט די וויסטע.

— אוי, ווּ איז דיַין ישועה
און ווּ איז דיַין וווינונג?
אָ, ענטפֿער מיר, פֿאָלק מיַינס! —
איין קויל ווערט אוינע.

ס'האָט אלע אין יארן
פֿארוואָרפֿן דער סוינע.
ס'האָט אלע פֿארברענט דאָרט
דער טיַיוול דער ברוינער.

— מיט קוילן מיט וויפֿל
פֿון ביקס און פֿון ברוינינג,
מיט באָמבעס מיט וויפֿל
דיַינע שעכטער באלוינען?
אָ, ענטפֿער מיר, פֿאָלק מיַינס! —
איין קויל ווערט אוינע.

2

קיין מיַירעוו-זיַיט שאל איך
אין מעכטיקסטן שויפֿער.
קיין מיַירעוו-זיַיט שיק איך
די שנעלסטע פֿון לויפֿערס.

איך פֿלי קיין אוקראַינע,
קיין רײַסן, קיין ליטע.
בלויז איינס מיך באַגעגנט:
דאָס פֿעלד נאָך דער שחיטה.

קיין ייִדישער קלאַנג ניט,
קיין ייִדישער אָטעם.
מיליאָנען — באַגראָבן,
מיליאָנען — פֿאַרשאָטן.

בלויז קלאָווים און ראָבן
נאָך פֿרעסן די ביינער.
געבליבן איז גאָרניט.
געבליבן איז קיינער.

3

די זומפּעניש האָט דאָרט
דאָס קינד שוין פֿאַרזויגן.
(„וואָס שיט איר מיר, פֿעטערלעך,
זאַמד אין די אויגן?").

און אונטער די ברייטן,
און אונטער די לענגען
פֿאַרמויערט מײַן פֿאָלק איז —
אַף מײַל — אַ שרענגע.

אַ מענגע דערשטיקטע
אין ערד־טיף זיך ציט דאָרט.
און אויבן איז גאָרניט.
און אויבן איז מידבר.

4

איז ווי וועל איך טאָן דאָרט
די אויגן אַן עפֿן,
אַז כ׳וועל שוין דאָרט קיינעם ניט,
קיינעם ניט טרעפֿן?

אז טויט איז מײַן ברודער
און טויט איז מײַן קאָרעוו,
אז אלץ איז דאָרט וויסט,
און אז אלץ איז דאָרט פאַרשוין?

— — — — — — — — — — — —

פארגליווערט מיר שטייען
איינס קעגן צווייטן —
איך און די וויסט
מיט די פרײַנט די געטייטע.

איך האָב זי אין הארץ שוין
ארײַנגעצויגן.
זי פינצטערט בא מיר
אין דער טיף פון די אויגן.

דו זעסט מײַנע אויגן?
ס'איז שטיל דאָרט אָן אופהער.
א הימל פון אײַזן.
א באָדן פון קופער.

איך שלינג זי, מײַן וויסטע,
מיט אויג, וואָס איז אָפן.
און ס'קומען בעסוילעמס
פון דאָרעם, פון צאָפן.

און ס'קומען צו יארן
אלץ מערער און מערער.
און ס'קומען צו קוואָרים
אלץ שווערער און שווערער.

דו זעסט מײַנע אויגן?
סע זידט דאָרט, סע גליט דאָרט
מיט קאָכיקע יאמען
א פלאמיקע מידבאָר.

## 5

איך גיי מיט די מאַכנעס,
איך שפּאַן מיט די ריזן,
מיט בלוטיקע פּאָנעס,
מיט שטראַליקע שפּיזן.

איך טראָג זי, מײַן וויסטע,
לעם רויטער קאַנאָנע.
איך וועל זי דערטראָגן
צום לאַנד פון די סאָנים.

אַף ערדן פון דײַטשלאַנד
כ׳וועל טאָן זי אַ שלײַדער,
און זאָל זי די שעכטער
גוט געבן אַ שנײַד דאָרט.

און זאָל זי דאָרט פאַלן
אַף ראָצכישע לעבנס —
אַ זודיקער מאַבל
פון פּעך און פון שוועבל,

זיי זאָלן אין דולקײַט
די אויגן צעגלאָצן,
קיין ביין זאָל ניט וואַקסן,
קיין שלעכטס זאָל ניט שפּראָצן,

די שלאַנג זאָל געדענקען
דעם טאָג, וואָס איז גרויזאַם,
אַ גאַנצן יאָרטויזנט
און נאָך אַ יאָרטויזנט.

אָ, זאָלן פאַרבלײַבן
די גרויליקע ווידעס
אין מעכטיקע קלאַנגען,
אין קלאַנגען אַף ייִדיש.

איר, טײַערע קלאַנגען,
איר, ליבינקע ווערטער
פון שטעט פון פאַרמעקטע,
פון הייליקע ערטער!

אָ, פליט, מײַנע פויגלען,
הײַנט גיכער, געשווינדער.
אהין, קיין בערלין קומט,
און צינדט דאָרט, און צינדט דאָרט.

פאַלט דאָרט ווי באָמבעס
אַף הײַזער אַף שטילע:
פאַר קינדער פאַר קליינע,
וואָס זײַנען פאַרטיליקט.

פאַר ווײַסרוסן — ברידער,
פאַר ברידער — אוקראַיִנער,
פאַר ליידן פון פעלקער,
פון פעלקער פון מײַנע.

פאַר בלוט אין די נעכט
און פאַר בלוט אין באַגינענער,
פאַר בלוט אין די פרילינגס,
פאַר בלוט אַף רוינען.

פאַר אַש און פאַר קורבנות,
פאַר שוידער, פאַר פּײַנען
פון פעלקער פון מײַנע,
פון ברידער פון מײַנע.

7

לעם שטאָט סטאַלינגראַד...
ס'האָט די פּיס מיר צעבראָכן.
דורך קוילן פון פײַער
כ'בין ווײַטער געקראָכן.

לעמ קיִעוו דער שטאָט
ס'האָט די ריפּ מיר צעשמעטערט.
אפ הייכנ פונ בערג
האָב איכ ווײַטער געקלעטערט.

איכ טראָג זי, מײַנ וויסטע.
דער טאָג איז ניט ווײַט שוינ.
מע זעט שוינ, מע זעט שוינ
דאָס לאנד פונ די דײַטשנ.

אפ ראָצכישע נעסטנ,
אפ גאסנ אפ גלאטע
מײַנ וויסטע כ'הייב אופ,
ווי א דונער-גראנאטע.

אזוי איז באשטימט
אונ אזוי איז באוויליקט:
דו, סוינע פונ וועלט,
דו וועסט ווערנ פארטיליקט!

8

סע גייענ די מאכנעס
באגײַסטערט אונ מוטיק.
סע גייענ די וועלדער,
וואָס זײַנענ פארבלוטיקט.

סע גייענ די זיידעס,
וואָס זײַנענ צעשאָסנ.
סע גייענ די קינדער,
וואָס זײַנענ צעדראָשנ.

סע גייענ די העלדנ
אפ ווינטיקע שיפנ
אינ הימלשע הייכנ,
אינ יאמישע טיפנ.

סע גייען די ברידער,
די שטאָלצע גיבוירים.
סע גייען די קינדער,
וואָס ווערן געבוירן.

סע גייט אונדזער לעבן,
דאָס גאָלדענע, טײַערע:
— אף מײַרעוו, אף מײַרעוו!
אף מײַרעוו, אף מײַרעוו! —

סע גייען די ווײַטן,
סע גייען די נעבנס:
— אף מײַרעוו, אף מײַרעוו!
מיר לעבן! מיר לעבן! —

אף שטרעקעס, וואָס ברענען,
אין פרײַקע שטראַלן
סע גייט מיט אונדז לענין,
סע גייט מיט אונדז סטאַלין.

ס'גייט קרעפטיק די העלקײַט
פון ריזיקע פעלקער,
און ס'גייען די קויכעס
פון ליכטיקן וועלט־גאָר:

— אף מײַרעוו, אף מײַרעוו!
אזוי איז באַווילִיקט:
דו, פײַנט פון דער וועלט,
דו וועסט ווערן פאַרטיליקט!

1943

# א קאמייע

קעדיי די שטענדיק-וואכנדיקע,
שטענדיק-האָרכנדיקע טיפ
באשיצנ
אונ מיט שפעטערדיקנ גוטס דערפרייענ,
ער טראָגט לעמ הארצנ זײַנעמ אומ
א שטילע בריוו,
א כאוועדס בריוו
ער טראָגט ארומ מיט זיכ, ווי א קאמייע.
געשריבנ האָט די ליבשאפט זי
אינ פײַערדיקנ ריוו,
געשריבנ האָט די טרײַשאפט זי
אינ בלוט פונ די טראנשייענ,
געשריבנ האָט די פעסטקײַט זי
לעמ הילכיקער קאנאָנע.
זי היט אימ אָפ, די בריוו,
פונ שטרויכלונג, פונ סאקאָנע.

„...א פרישער צײַטונג-נומער אָנגעקומענ הײַנט
צומ פײַער אונ צומ בראנד
אינ טאָג פונ שלאכט,
אינ טאָג פונ ראנגל ביטערנ אונ שווערנ.
דײַנ ליד געלייענט כ׳האָב
(כאָטש ווייניק זײַנענ מיר באקאנט —
אויס „איר”,
אצינד דיכ אירצנ כ׳קענ שוינ מער ניט),
דײַנ ליד געלייענט כ׳האָב,
געבענטשט זאָל זײַנ דײַנ האנט!
איכ האָב געלייענט,
ס׳האָבנ מיכ געוואָרגנ טרערנ.

בּרענג קיינ מינוט ניט אויס,
אפ גאָרניט דאָרט ניט קוק,
דו, טײַערינקער, שרײַב.
דו שרײַב אונ דרוק!

דײַנ ליד געלייענט כ׳האָב.
דו, דיכטער, וויסנ זײַ:
דײַנ וואָרט העלפט שלאָגנ אונדזער פײַנט
בעפּויעל-מאמעש.
דו שרײַבסט מיט בלוט
אונ שרײַבסט מיט בלײַ.
מיט וואָרט דײַנעמ
מ׳קאָנ גיינ אינ גרעסטע פלאמענ.
געפּאנצערט איז עס גוט.
געפּאנצערט איז עס טרײַ.
מ׳קאָנ לאָזנ זיכ דערמיט אינ קריג,
אינ מיט אינ סאמע.
ווי טאנקענ קרעפּטיקע
עס זײַנענ דײַנע שורעס.
מ׳קאָנ דורכשפּאנענ מיט זיי
דורכ שטארקע שטורעמס.

עס יאָגט הײַנט א געשלאָגענע
די כײַע מיט איר גיפט,
אונ שרעקנ דעקנ זי
פאר גרויזאמענ פארברעכנ.
איכ רעד צו דיר פונ ריוו,
ווו בלוט אלצ טריפט אונ טריפט.
איכ רעד פונ פעלד,
וואָס נאָכ דער פינצטערער פארשוועכונג:
— אָ, זאָלנ, ליבער,
פול באלאָדנ זײַנ מיט שריפט
אלע דײַנע אגרעגאטנ,
אלע דײַנע צעכנ.
אפ ווײַטע שטרעקעס, דיכטער טײַערער,
דו שיסט

און טרעפסט אין ציל.
זײַ, טײַערער, געגריסט!"

ניט אַפּ באַרימען זיך
די בריוו מיט זיך ער טראָגט
אין טאָג פֿון אַמפּערנישׁ,
אין טאָג דעם בלוטיק-הארבן.
ער טראָגט זי,
ווי אַן אויסבאַהאַלטן-קלינגענדיקן גלאָק,
וואָס רופֿט צו שלאַכט
און וועקט צו אַרבעט און צו אַרבעט.
ער טראָגט זי דורך, די בריוו,
דורך יאַם פֿון קלאָג,
ער טראָגט זי מיט מיט זיך
אַפּ לעבן און אַפּ שטאַרבן.
ער טראָגט זי מיט —
אַ טרייסט, אַ בענטשונג און אַן אָנזאָג
אַפּ קיינמאָל מיד ווערן,
אַפּ קיינמאָל ניט פֿאַרבלאָנדזשען.

ער טראָגט זי אום, די בריוו.
דאָס וואָרט זײַנס דאָס צעגליטס
גייט מיט שערענגעס מיט,
וואָס שפּאַנען האַרט און גלייביק.
זײַן וואָרט זיי שטיצט,
באַשיצט זיי און באַהיט,
און טוט זיי
איבער שטויב און דרויב דערהייבן.
ער טראָגט זי אום, די בריוו:
זײַן וואָרט פֿליט מיט
מיט ווײַל מיט פֿאַשעטער,
וואָס אַלע ווײַל ווערט אייביק.
דאָרט, ווו עס שטראָמט דאָס בלוט
און ווו דער הימל קלאָרט —
מיט מאַכנעס זיגערישע
גייט זײַן ייִדיש וואָרט.

ער טראָגט זי דורך, די בריוו,
דורך שוידער און דורך פלאָנט,
דורך בערג מיט ביינער
און דורך אָפּגרונטן מיט ווייען.
ווער איז מיט אים?
עס איז מיט אים זײַן פראָנט.
עס איז זײַן ליד א רויטארמייער
אין די רייען.
אויב ס'דראָ'ט אים א געפאר,
באַם הארץ ער כאפט זיך אָן:
זי איז פאראן, די בריוו,
ער טראָגט זי, זײַן קאמייע,
ווי אונדזער שיינע ווײַט,
ווי אונדזער ערד אין פלאַם און אין רויִנען,
ווי אונדזער הייסן זיג,
ווי אונדזער פרי-באגינען.

1943

# צומ אומגעקומענעמ פרײַנט

מוישע כאשטשעװאצקינ

דער וויי-געשריי פונ גופ,
וואָס פאלט אינ ווילדע פעלדער-פוסטנ:

— פארענדיקט איז אפ שטענדיק שוינ
דער טאָג, די וואָגלעניש, די מי.
אונ וואָס וועט זײַנ מיט גאָר דעמ דאָרשט,
מיט גאָר דער שאפנדיקער גלוסטונג? —

איכ זוכ אינ וועלט דעמ פרײַנט,
נאָר ער איז שוינ ניט הי.
איכ רופ אינ וועלט דעמ פרײַנט:
— אוי, קומ מיט מיר א שמועס טאָנ
„...О Шиллере, о славе, о любви...“
אונ וועגנ הויכע יאָרנ אונדזערע... —
אינ בלוט — דער מערכאָק.
אונ קיינער ענטפערט ניט,
אפילע ניט דער עכאָ.

בלויז די קאנאָנע קנאלט אונ קנאלט.
אונ ס'הילכט אינ סטעפ געראנגל:
— עס ליגט אפ פאָנעמ פונ דײַנ פרײַנט
א גרויסער רויטער טוכ... —
איכ ווייס, איכ זע,
איכ בינ דאָרט אויכ מיט כאוול אונדזערנ געגאנגענ,
איכ בינ דאָרט אויכ געווענ
אונ אויכ דעמ טויט פארזוכט.
אונ טאָג אונ נאכט שטראָמט בלוט
צומ קאָס פונ די געזאנגענ.
אונ טאָג אונ נאכט פליט פלאמ
צומ פײַערדיקנ בוכ.
אונ אָנ א ברעג. דורכ נעכט אונ טעג.
אוי, כאווער מײַנער, האָרכ:

אין בראָך, אין פלאם — דאָס הארץ,
און נאָך קומט צו און נאָך.
און כ׳ווייס שוין ניט, צי לאנג נאָך
גיין כ׳וועל אָט אזוי דאָ
מיט צאָרן טיפן, זודיקן
און מיט פארגליוועטן געוויין.
די ברייטע סטעפּן פלאקערן.
די ערד, דער הימל רויט איז.
דער סוינע מוז פארמעקט ווערן!
די ערד מוז ווערן ריין!..
ס׳איז יעדער רעגע הייליק דאָ.
דאָס בלוט איז — קוידעש, קוידעש, קוידעש.
און ווײַטער דארף מען גיין.
צום זיג מיר דארפן גיין...
דאָרט, וווּ דער סאָד איז שיין,
וווּ ליכטיק־טיף די רו איז,
וועט, כאוועך, ווידער זײַן בא אונדז
א גרויסער שמועס:
ווי דו האָסט מיך אין זומער־טאָג
אין שטאָט אוקראַיִנישער — אין אומאנ
גענומען בא די הענט
און מיר א זאָג געטאָן געטרײַ:
— קום, לאָמיר לאָזן זיך
דורך ווײַסע ווינטערס און דורך בלויע זומערס,
באם פאָלק באם יידישן
א יונגער דיכטער זײַ!
— — — — — — — — — — — — —
די ברייטע סטעפּן פלאקערן,
די בייזע וויכערס ברומען.
אינמיטן יאם דעם גרויזאמען
מיט ליד מײַנער איך שרײַ:
— קום, פרײַנט, אפּסנײַ!
פאר פּײַן און טײַנעג פון געזאנג
א דאנק דיר, גוטער, טײַערער,
א דאנק! —
1943

## צוויי שטימען

א שטאָלצער גאנג, א טויבן-בליק, א מילדער שמייכל.
אפ גאַס און פּלאַץ איך זע, איך הער, איך שפּיר אים.
אינמיטן שווערן יאָמערן פון אייכאָ —
דאָס פּאַסטעך-דודעלע פון שיר-השירים:

— דו ביסט שיין, מײַן כאַווערטע,
דײַן שיינקײַט וועל איך לויבן.
דו ביסט שיין, מײַן כאַווערטע,
די אויגן דײַנע — טויבן. —

דעם נאָווים גראָער קאָפּ — אין אַש, אין שטויבן.
מיט יעדן רויטן טראָפּן אין די יאָגנדיקע ווילדע שטראָמען
עס יאָמערט, יאָמערט, יאָמערט
דעם נאָווים רויט-פּאַרבלוטיקטע נעשאָמע:

— שיינקײַט מײַנע, זינגענדיקע פּראַכט!
ווי עלנט ביסטו, ווי פאַרשמאַכט!
וויינען ווײַנסטו אין דער נאַכט.
ניט קיין קלייד אפּ דיר — א וויסטער זאַק.
טרערן רינען אפּ דײַן באַק,
טרערן ביטערסטע, טרערן הייסטע.
ס'איז נישטאָ אין וועלט פאַר דיר קיין טרייסטער.
וואָס זאָל איך דיר זאָגן נאָך, נאָך?
וועלכע גוטע מײַסעס דיר דערציילן?
ווי א יאַם איז גרויס דײַן בראָך.
ווער קען דיך היילן? —

און דעם נאָווים טרערן זינקען אײַן אין זאַמד —
טראָפּנס רויטע, טראָפּנדלעך צעגליטסטע.

דער שטראָם דער קאָכיקער — דורך אַלע דווירעס פֿליסט ער:
— גרויס דײַן אומגליק, ווי אַ יאַם.
שווער דײַן אומגליק, ווי אַ וויסטע.
נאָר מיט פֿרילינג, נאָר מיט גאָרטן, נאָר מיט צוויט
רײַסט אַרײַן אַ קאָל זיך אין דער מיט:

— איינע, איינע, איינע
איז מײַן טויב מײַן ריינע.
רוען וועט מײַן ליבער אויף מײַן ברוסט.
צו מײַן ליבן די נעשאָמע מײַנע גלוסט.
צו דיר בײַנג בענקעניש, צו דיר דעם פֿרעכטיקן.
לאָמיר גיין, מײַן ווילער, אין די פֿעלדער, אין די דערפֿער נעכטיקן,
אין די גערטענער באַגינען וועלן מיר פֿאַרברענגען.
דאָרטן וועל איך דיר מײַן ליבשאַפֿט שענקען. —

דאָר נאָך דאָר — און איבער בערג און טאָלן
אײַנעם סאַמע מיט פֿון דער יעלאָלע:
— מײַנע יונגע, מײַנע מיידלעך אויסגעשאָכטן דורך דער שווערד...
איבער גאָר דער ערד
ווידער זיך דערהערט
אַ דינינק קעלכל
ווי אַ לויטער קוועלכל:

— טויב מײַנע אין פֿעלדזן־שפּאַלט!
באַווײַז מיר דײַן געשטאַלט!
מיט די צאַרטע קלאַנגען דײַנע מיך באַגריס.
ס'איז דײַן פּאָנעם שיין, און דײַן קאָל איז זיס... —

דאָר נאָך דאָר — און אונטער בלויען הימל,
אויף אַן ערד מיט מיריאַדן גופֿים שטומע
שוועבן לעבעדיק צוויי שטימען,
אייביק שטאַרק אַרומגענומען.

פֿון אַ רויטן פֿעלד, וואָס נאָך אַ שלאַכט,
שיינע, זוניקע, באַגערסטע,
האָב איך זיי אַצינד צו דיר געבראַכט...
הערסטו, ווי זיי קלינגען מעכטיק, הערסטו?..

1944

# װעלדער

## 1

די פײגלשע באַפעלקערונג
אינ זומערדיקנ װאַלד
האָט טויזנט שטאַמענ,
שװאָטימלעכ אונ מינימ.
אונ שטענדיק, אָנ אַנ ענד
מיט סימכע זי צעפּראַלט
אינ אַלטער נאַכט
דעמ טויער פונ באַגינענ.
אונ יעדער שײװעט
אַפּ אַנ אַנדער אויפנ שאַלט,
אונ יעדער שטאַמ
מיט זײַנ געזאַנג טוט דינענ,
די גרינע שטילקײַט
קײנמאָל, קײנמאָל הויל איז;
אַ יאַמ מיט פעלקער
אונ אַ װעלט מיט קוילעס.

— ניקיטענ האָסט געזענ?
— געזענ, געזענ, געזענ... —
באַמ זינגער באַמ געפליגלטנ
אַזאַ מינ שטײגער.
אינ פרישער שװײַגעניש,
װוּהינ דו גיסט זיכ נאָר אַ װענד,
קלינגט נאָכ אַ נאָכשפּירער
מיט נײַגעריקנ אײגל.
דו פאָרש די שפּראַכנ אויס
אונ נעמ די פענ

און שרײַב
דעם סייפער־האזיכרוינעס פֿון די פֿייגל,
אלץ, וואָס געטראָפֿן האָט
און ווער און ווו און ווען, —
דער וועלדער-אײביקײַט
פֿארקריצן זאָל דײַן פּען.

2

...יאָ, יאָ, אמאָל,
ווען ס'וועט צעמאָלט ווערן דאָס בייז,
וועסט אויסמאָלן די גענג,
די מאָדעס און די מידעס.
וועסט אויסדערציילן אלעס,
וואָס די וואלד-טיף ווייסט:
די קריגן, פרידנס
באַם האמוין, וואָס פליט דאָ.
גאָר ווארט, ווארט צו:
ווער איז דאָרט און ווי הייסט
בא זיי, אין פייגל-שטענדיקייט,
די אומע ייִדן?..
גיי ווײַט, קום אָן
אין פּלאָנטערן אין גאָר געדיכטע;
מיט וועמענס גרויל'לן
יאָמערט די געשיכטע?
אין וועמענס ניגון
וויגט זיך גראָ און גרײַז
דער טײַך פון אָנהייב זײַן,
דער ערשטער דאָר-גאנג?
אין וועמענס שטים —
די דימענטענע נײַס,
וואָס וואקסן אויס,
ווי גראָזן, ווי פרימאָרגנס?
אין וועמענס הייסן זינגען
פּלוצעם זיך באווײַזט
דאָס בלוט,
דאָס לאנגע מעסער אפן גאָרגל?

שפּריַיז ווײַט,
מיט צײַטן אויג אָפּ אויג פֿאַרבלײַב.
און טו קײן כליפּע ניט
און קאַלט ווי אײַז פֿאַרשרײַב.

3

...אַמאָל וועט זײַן אַ קאָל:
— שטיי אויף און וואַנדער, יונג!
אין גרינעם טאָג
דו קריג די ניט געקראָגענע מאַטאָנע.
אַמאָל וועט זײַן אַ קאָל:
— ברענ זיך פֿאַנאַנדער, פֿונק,
ווי האָסט געברענט
פֿון טאָמיד, פֿון לאַנגאָנען.
— — — — — — — — — — —
נאָר וואַרט, וואַרט צו;
אין וועלדער-טיפֿן אַ קאָמאַנדע-פּונקט:
— אין אָנגריף,
קעגן טוינעס פֿעסטונג, באַטאַליאָנען! —
דײַן היימלאַנד — אין געשלעג,
און שלאַכט-טרומייטן שאַלן.
אַרום — די ראָד פֿון פֿרײַנט,
וואָס זײַנען טויט געפֿאַלן.

פֿון האָריזאָנט ביז האָריזאָנט
עס ליגט די קריגער-ראָד,
אָפּ זיי, אָפּ דיר —
די שוועל פֿון מאָרגן פֿון באַרוטן.
קיין וואַלד, קיין פֿייגל.
פֿײַער גליט, און בריט, און בראָט.
פֿון האָריזאָנט ביז האָריזאָנט
דאָס האַרץ טוט בלוטן.
אָט, אָט, אויך דו וועסט אומפֿאַלן...
פֿאַראַן איין גנאָד:
אָפּ ראַכוועסדיקן פּלאַץ

דער הילך פון די סאַליוטן,
אינו זומער-הייפ
דאָס אופליִען פון א ראַקעט,
דער שיינער זיג-צייכן
אַפ ליבסטער פון די שטעט.

א מאמע מיט א יינגעלע באנאכט
אינמיטן זידנדיקן יאם
אפ זעקסטן שטאָק,
לעם שויב, אינו שטאָט אינמיטן.
און ביידע — פון דיין איידע,
ביידע—פון דיין שטאם.
אדורך — דעם פלאם,
די שכיטע — אויסגעמיטן.
די שויב איז הויך.
און איבער וויסטן יאר און ווילדער צאם
מיט האנט
דעם קנאל, דעם שאל פון זיג זיי וויטען.
זיי זעען וויַיט, זיי הערן וויַיט,
זיי שפירן שטיל, זיי האָרכן:
ניט קיין געיאָמער גייט —
נעקאָמע גייט, ס'גייט דער ניצאָכן.

---

1944

## איַ, וועט זײַן בא אונדז א יאָמטעוו

1

— וואָס זשע מאכט איר, יאראָסלאוולער,
טולער, קיִעווער, קאָסטראָמער?
וואָס זשע טראכט איר, פרײַנט און כאווער,
ברידער מײַנע אפ מילכאָמע?
— מיר פארטיליקן דעם סוינע,
ניט פארבלײַבן זאָל זײַן זאָמען.
מיר פארטיליקן דעם ברוינעם,
ניט פארבלײַבן זאָל זײַן נאָמען.

דורכגעגאנגענע טויזנט שליאכן,
דורכגעראנגלט טויזנט שטורעמס,
אויסגעוואקסן אונדזער מאכנע,
אײַנגעאקשנט אונדזער גוואַרע. —
מיט די שטראלנדיקסטע גרוסן,
אינעם פלאם די קראפט געפורעמט,
רעדט אזוי דאָס קינד פון רוסלאנד.
זאָגט אזוי איליא פון מוראָם:

— ס'האָט דער מערדער אָנגעזאמלט
גרויזאם-וואָלקנדיקע פאָלקן,
אפ מײַן ערד ארופ מיט פלאמען —
פון דונײַ און ביז דער וואָלגע.
האָב איך שטיל א זאָג געגעבן:
— קום, מײַן קויעך, צו מײַן פאָלק אָן!
ס'וועט דער מערדער לאנג ניט לעבן,
ווײַל מײַן הארץ גייט, ווײַל מײַן שטאָל גייט!

האָב איך פּעסט זיך אופגעהויבן
צום געראַנגל צו דעם הייסן.
און מײַן שטאַרקײַט און מײַן גלויבן
אופשטיינן האָב איך שטרענג געהייסן.
פאַר די קינדערלעכס יעסורים,
קעגן סוינע קעגן בייזן
איז אַרויס איליאַ פון מוראָם,
ס'האָט די ערד זיך אופגעטרייסלט.

שפּאַנסט דורך כורוועס, אַש און רויכן,
לענדער שענדסטו און באַרויבסטו.
איך האָב אופגערופן קויכעס
מײַנע שענסטע און פאַרגלייבטסטע.
איך האָב אופגערופן קרעפטן,
מײַנע טיפן מײַנע בלויסטע.
ליגן וועלן פּײַנט געקעפּטע —
פון מײַן וואָלגע ביז דײַן הויפּטשטאָט.

קנאַלט זשע, טײַערע קאַנאָנעס,
שלאָגט די שעכטער, בראָקט די שינדער —
פאַר די אָרעמע אַלמאָנעס,
פאַר די וויינענדיקע קינדער.
זײַן וועט, ווילדע, זײַן וועט, סאָנים,
שטאָך און בראָך אײַך, ווי און ווינד אײַך!
וועלט איז פײַער, קוק זיי אָן איצט,
קוק: ווו האַלטן זיי אַצינדער?

זעט, זיי ליגן אין די שטויבן.
זעט, זיי קריכן אפ די קניִעס.
וויפל אויסגעשאָכטן טויבן
אינעם בלוט-גראָבן אין קיִעוו?
גרייט די שאַרפסטע עשאַפּאָטן,
גרייט די העכסטע פון די טליִעס!
זייער קויעך איז צעטראָטן.
אונדזער זיג איז, אונדזער פרײַ איז!

פֿאַר די לײַבער, וואָס צעבראָכן,
פֿאַר די ריוון פֿון דער שכיטע,
פֿאַר די פֿעלקער, וואָס צעשטאָכן,
פֿאַר די קינדער, וואָס צעשניטן,
שפּאַנט אַצינד מיט שטראָף מיט רויטער,
שפּאַנט אַצינד צום וועלטן-מיטן
הויך און מעכטיק, שטאָלץ און לויטער,
אונדזער פֿרילינג, אונדזער צוויטער.

אײַ, וועט זײַן באַ אונדז אַ יאָמטעוו.
אײַ, וועט זײַן באַ אונדז אַ סודע.
פֿון די ווײַטסטע האָריזאָנטן
וועלן קומען פֿרײַנט און ברודער,
באַ דעם גרויסן טיש זיך זעצן,
מיטן האַרצן ווײַט אופּגערודערט
אַף בערלינער ברייטע פּלעצער —
ס'וועט אַ מאָן טאָן אונדזער בלוט דאָרט.

אײַ, וועט זײַן באַ אונדז אַ יאָמטעוו.
אײַ, וועט זײַן באַ אונדז אַ סודע...

2

שפּאַנט מײַן אייגענער, מײַן ליבער,
וואָס קיין היים, נאָר בלוט געטראָפֿן,
וואָס אַריבער פֿײַער־גריבער
פֿון אָריאָל ביז סעוואַסטאָפּאָל,
שפּאַנט מיט אויגן גרויסע, טיפֿע,
שפּאַנט צום מיטן פֿון אייראָפּע,
פֿון די וווּנדן זײַנע טריפֿן
אַף די פֿעלדער הייסע טראָפּנס.

שפּאַנט מײַן אייגענער, מײַן ליבער,
וואָס זײַן פֿײַן איז אומגעהייער,
שפּאַנט מײַן טײַערער, מײַן גיבער,
ניט ער וויינט, און ניט ער טרויערט.
נאָר מיט שטורעמדיקער יוגנט
אײַזן-פֿעסטונגען צעבויערט:

— צו דער שטאָט בערלין כ׳וועל צוגיין
און וועל אופרײַסן דעם טויער.

פאַר כאַווײרים מײַנע בעסטע,
וואָס אין סרייפע אומגעקומען,
פאַר מײַן אײנציקער מײַן שוועסטער,
וואָס געקוילעט מ׳האָט אין אומאַן.
כ׳בין אַדורך דורך טויזנט מינעס,
טויזנט שטעט האָב איך גענומען.
צו דעם טויער צום בערלינער
מוז איך קומען, וועל איך קומען.

אַף די בערג און אין די טאָלן
האָט דער גרויל אַף מיר געלויערט.
כ׳דאַרף באַצאָלן, כ׳גיי באַצאָלן
פאַרן קינד, וואָס איז פאַרמויערט.
פול מיט בלוטן מײַנע קרוגן,
נאָך איין רעגעלע געדויערט:
צו דער שטאָט בערלין כ׳וועל צוגיין
און וועל אופרײַסן דעם טויער.

דורכגעפלויגן טויזנט פלאָנטערס,
טויזנט יאָמען שוואַרץ-געדיכטע.
אײַ, וועט זײַן באַ אונדז אַ יאָמטעוו.
אײַ, וועט זײַן די סודע ליכטיק.
איבער יאָך, וואָס איז צעבראָכן,
איבער שלאַכט אין נ-ער ריכטונג
קלינגען גלעקער פון ניצאָכן
אַף דער ראַכוועס פון געשיכטע.

1944

## אָנהייב 1945

אין ווײַס-פֿאַרשנייטער נאַכט
דו קומסט אַרויס צום סטעפּ.
העט-ווײַט אַריבער שליאַך,
אַריבער שטעט דערזעסטו:
שוין פּרײַ די ליבע ראַכוועסן
אַרום דעם דניעפּ,
שוין פּרײַ די טיפֿע גערטענער
אַרום דעם דניעסטער.
אַף סאָנימס קעפּ
אַלץ הילכיקער עס דונערן די קלעפּ,
און אונדזער כאַיל שפּאַנט
אַלץ שטאָלצער און אַלץ פֿעסטער.
דו הערסט? דו זעסט?
ווער ס'האָט צום יאַר געשלעפּט,
צום יאַר צום בלוטיקן,
דײַן מוטער און דײַן שוועסטער —
דו זעסט?
די קויל די האַרט-גערעכטיקע אים טרעפֿט
לעם ווײַסל-טײַך,
אַף פֿלעצער בודאַפּעשטער.
און אַלע ווײַטן
לויבן די מינוט.
און אַלע צײַטן
זאָגן: — גוט!

דו קריגער, היימישער,
באַם זוים באַם פֿעדערשטן געשטעלט,
דו קוקסט דורך שנייען-פֿאָרהאַנגען
אין אויפֿגעוויכערטע באַנאַכטן.

דו קריגער, היימישער,
דו שאָכנ, כאווער, העלד,
דו שטייסט שוינ וויפל יאָר
אינ פײַער אפ דער וואכטע?
דו טראָגסט מיט זיכ, אינ זיכ
דאָס ווײַטע טײַערע געצעלט,
דאָס הויז אינ סאָד,
דאָס שטיבל לעמ דער שאכטע.
אונ נאָכ א שטאָט, אונ נאָכ א קאנט,
אונ נאָכ א וואנט, אונ נאָכ א שוועל
דו שפאנסט אריבער, יונג,
מיט הארצ מיט אופגעבראכטנ.
ניט מיד, מיט ריזנ-טריט
דו גייסט אדורכ די וועלט,
א מענטש, א לאנד,
א דיכטער אפ א שלאכט-פעלד.
די צארטסטע האנט,
דאָס הארצ דאָס מילדסטע גלעט
דײַנ רו אפ טראָטואר
אינ ערשט באפרײַטע שטעט.

מיר זײַנענ אלע אופגערופנ
צו דעמ פלאמיק-הייסנ פרווו.
אפ שטרעקע, וואָס איז צוגעדעקט
מיט דינע, ווײַסע טוכנ,
מיר שטייענ, זעלנער טרײַע,
בא הארמאטנ גופ לעבנ גופ,
אונ מעג צעשפילנ זיכ
די ווילדסטע זאווערוכע, —
דער סוינע פאלט.
אָט באלד ער ווערט ארײַנגעשטופט
אינ אָפגרונט-פינצטערניש,
אפ קיינמאָל אימ ניט אופצוזוכנ.
עס שלאָגט די ערד אימ, אונ עס שלאָגט דער יאָר,
עס שלאָגט די לופט,
ס'ועט אימ ניט ראטעווענ

קיין דראָען און קיין פלוכן.
ווי די קאווקאזער בערג, ווי די קארפאטן-בערג
שטייט רוסלאנד אוף —
א הויכע זיגערן,
א שטאָלענע מעלוכע.
מיט דינגען קלינגענדיקע
אין דער נאכט, וואָס שנייט,
גייט די פרייד,
די קומענדיקע פרייד.

פון שליאכ אין ווינטער-נאכט
דו זעסט אף טויזנט מײַל.
דו זעסט דעם סוינעס לעצטע פעסטונג
קראכן, פאלן.
דו ביסט די אָנגעגליטע קויל,
דו ביסט די פליִענדיקע פײַל,
די באָמבע,
וואָס דעם שווערן טויער וועט צעפראלן.
דאָס כאיל רוט קיין רעגע ניט.
דאָס כאיל אײַלט.
די פאָנען פלאקערן,
און די האַרמאטן קנאלן.
דער צאָרן שפאנט פון פאָרנט,
ווי א פײַער-זײַל.
די פאָנען פלאקערן,
און די טרומייטן שאלן.
דער זיג איז דאָ.
צום כוידעש און צום טאָג און צו דער גרויסער ווײַל
עס טײַט פון קרעמל-הייך
דער מארשאל סטאלין.
און אלע ווײַטן
לויבן די מינוט.
און אלע צײַטן
זאָגן: — גוט!

יאנוואר 1945

# פונ הארציקנ בוכ

החרימו כל צבאה... — דאָס גאנצע
כאָיל אירס פארניליקט! (ירמיהו).

1

אזוי שטייט געשריבנ אינ הארציקנ בוכ,
וואָס מיט גאָלדענעם טאָוול:
— כ׳וועל אופהייבנ, ברענגענ
א מענגע פונ פעלקער פונ גרויסע אפ באָוול.

אינ מעכטיקנ כאָיל זיי וועלנ זיכ שטעלנ,
די קרוינשטאָט פארקלעמענ.
זיי וועלנ באלאגערנ באָוול די שטאָט,
אונ זיי וועלנ זי נעמענ.

די פײַלנ בא זיי, ווי די קריגער,
וואָס ליידיק צוריק זיכ ניט קערנ.
זיי וועלנ ארײַנגייג אינ באָוול דער שטאָט
אונ ביז גרונט זי צעשטערנ:

— ווײַל איר האָט אפ הייליקער ערד
מיט מערדערשער שווערד זיכ געלאָזנ,
ווײַל איר האָט אינ בלוט זיכ געפרייט
אונ געטאנצט, ווי די קעלבער אינ גראָזנ,

איז הײַנט אײַער מוטער צו שאנד,
אונ ס׳איז הײַנט אײַער גורל דער לעצטער —
בלויז כוישעכ, בלויז נאקעט, בלויז יאָמער,
בלויז ערד ניט באזעצטע.

2

דער קלאנג פונ מילכאָמע בא זיי אינעם לאנד
לאָזט זיכ האָרכנ אונ האָרכנ.

דער האמער, וואָס נעכטנ געפּלעט האָט די וועלט,
ליגט צעקלאפּט אונ צעבראָכנ.

צעפּראלט איז דער אויצער פונ צאָרנ,
דער אויצער פונ שטראָפנ פונ הארבע.
עס יאָגט זיכ דער צאָרנ קיינ באָוול,
ער האָט דאָרט א וויכטיקע ארבעט.

געקומענ דער טאָג פונ געצאָלטס,
אונ עס פליִענ קיינ באָוול די מאָנער:
ווי זי האָט געטאָנ מיט די לענדער,
אזוי זאָלט איר איצטער טאָנ איר.

די אָקסנ אירע די פעטע
איר זאָלט אינ די שעכטהײַזער טרײַבנ.
דרעשט זי אזוי ווי די סנאָפּעס,
קיינ זייכער פונ איר זאָל ניט בלײַבנ.

3

אינ ווילדנ געיעג אירע פליִטים,
די שטעט אירע ברענענ ווי שײַטערס.
א שווערד אפ די פערד פונ באָוול,
א שווערד אפ אירע רײַטער.

א שווערד אפ די הארנ פונ באָוול,
א שווערד אפ דער וואָלפישער וווינונג.
א שווערד אפנ כאַיל פונ באָוול.
ניט שוינענ! ניט שוינענ! ניט שוינענ!

איר פרעכער פארברעכ איז דערגאנגענ
ביז צו די הימלשע הייכנ.
ביז צו די וואָלקנס אינ הימל
איר בלוטיקע זינד טוט דערגרייכנ.

א שווערד אפ די עלטסטע פונ באָוול.
א שווערד אפ איר רײַכקײַט אונ קישעפ.
א שווערד אפ די זייערס פונ באָוול.
א שווערד אפ אומווערדיקנ יִשעוו!

4

מע האָט שוין באָוול געהיילט,
ס'איז באָוול ניט אויסצוהיילן.
ניט אויסצומעסטן איר שולד,
איר זינד ניט אויסצודערציילן.

הייבט אוף א פאַן אַפ דער וועלט,
צווישן פעלקער שאלט אין האָרן.
יאָגט אַפ באָוול ארופ די פערד.
די פײַלן זאָלט איר ניט שפּאָרן.

האלט, פעלקער, שטארקער די וואך
לעם דער וואנט, וואָס איז אָנגעצונדן.
זאָלן פארבײַגייער שטוינען,
פײַפן פון באָוולס וווּנדן.

5

יאָגט א לויפער נאָך א לויפער,
פליט א בסורע נאָך א בסורע
צו דעם ווילדן האר פון באָוול,
צו דעם הענקער אין זײַן טורעם.

יאָגט א לויפער נאָך א לויפער,
נײַס מע ברענגט אים פון געראנגל,
אז פון ענדע אונ ביז ענדע
איז די שטאָט זײַנע געפאנגען;

אז פארכאפּט זײַנען די בריקן,
אז אין פלאם פארברענט די פעסטונג,
אז צעלאָפן זיך אין פאכעד
זײַנע קריגער זײַנע בעסטע;

אז אין פײַער קראכט דער טויער,
אז די סרייפע מ'קען ניט לעשן.
אז ס'ועט באָוול זײַן געגליכן
צו א טויק אין צײַט פון דרעשן;

אז די סרייפע איז לעם פענצטער,
אָט-אָ בריט זי, אָט-אָ גליט זי.
נאָך א ביסל, נאָך א ווײַלע —
קומט אפ באָול-שטאָט די שניטצײַט.

אז דער פלאקער איז לעם שוועל שוין,
אָט, ער שפּארט מיט הייסע צונגען.
אז דערשטאָכן אין די גאסן
אלע הוליענדיקע יונגען;

אז דער בארג — דער וועלט-פּארדארבער —
אין די קלעמען, אין די רייפן,
קײַקלט זיך פון הויכע פעלדזן —
הוילער שוידער, הוילע סרייפע.

6

פון צאָפן, פון רייזיקן צאָפן
א פאָלק האָט זיך מעכטיק באוויזן.
זיי גייען באלאָדן מיט פײַלן,
זיי גייען באלאָדן מיט שפּיזן.

עס קומען די קרעפטיקע אומעס
און ברומען, ווי יאם אין א שטורעם: —
— א שווערד אפן כאיַל פון באָול,
א שווערד אפ די מאָרד-באָכורים! —

איר הערט? דורך דער וועלט דורך דער גאנצער
א גוואלד-געשריי שפּרייט זיך און שפּרייט זיך.
דאָס האָט זיך הײַנט באָול צעשריגן,
צעיאָמערט אין מוירע, אין ווייטעק.

אין ווייען עס טרייסלט זיך באָול,
און ס'פּרייען אין וועלט זיך די פעלקער:

אפ רײַטוואָגן יאָגט דורך די לענדער
דער זיג, וואָס וועט אייביק ניט וועלקן!..

מארץ 1945

# אף די סאָנימס קעפּ

1

און וואָס זאָל מען טאָן מיט דער פרוכט פון די סאָנים —
מיט ראָצכישע זין און מיט מערדערשע באָנים?

זיי קענען דאָך אופשטיין און ווידער באגערן
די לענדער פארלענדן, די וועלט-שטעט צעשטערן.

פון שלאנגישן וואָרצל א שלאנג קומט א נײַער,
און אויסוואקסן קען דאָך אן עגדעש פון פײַער.

א פלאמיקער וויפּער, אף וועלטן צעפלויגן,
קען אויסברענען ווידער די קינדערשע אויגן.

זיי קענען דאָך ווידער די הערצער צעשטעכן,
די ערדן פארפילן מיט גרויזאמע פארברעכן,

אזוי ווי זיי קאָנען פון לאנג, פון לאנגאָנען.
איז וואָס זאָל מען טאָן מיט די מערדערשע באָנים?

צום פריידיקן פרילינג — א מאָנונג א שטילע:
זאָל אָפּטאָן איר ארבעט די שײַן, וואָס פארטיליקט.

2

שטארקע צעדער, פרישע קיפּאריסן
אין די וועלדער, אין די שלאנקע רייען
וועלן אין פרימאָרגן זיך באגריסן,
וועלן זיך אין טיפן זומער פרייען:

— מע האָט באַפרײַט ביז ווײַטסטער ווײַט די שטרעקע,
מע האָט דעם שארבן אָפּגעהאקט דעם העקער... —

אין גרויסע שטילקײַטן די ערד וועט רוען.
ס׳וועט אופגיין אינעם פעלד א הויכע טוווע.

ס׳וועט גיין א זומער-טאָג א ליכטיקער, א שיינער
אף אלע שטעכן, אויך אפן טאָל מיט ביינער.

פון יאר פארבלוטיקטן וועט שטאָלץ זיך אופהייבן דער קאָרבן:
— האָסט מיך געטייט, נאָר איך בין ניט געשטאָרבן.

איך לעב אף גאָר דער ערד מיט פעסטע צעדער,
איך לעב אף גאָר דער ערד מיט שיינע סעדער.

איך לעב אף גאָר דער ערד מיט דיכטער און מיט העלדן,
דו האָסט א וועלט צעשטערט, איך וועל באשאפן וועלטן.

אפרעל 1945

## א זײַל פֿון אײַזן

דאָס קאָל איז געווען שטאַרק,
דאָס קאָל איז געווען הויך:
— נאָך איידער איך האָב דיך באַשאַפֿן
אין דער מוטערס בויך,
האָב איך דיך געוווּסט שוין,
האָב איך דיך דערקענט שוין.
נאָך איידער כ'האָב דיך פֿון נאַכט
אַפֿ דער גרויסער וועלט געבראַכט,
כ'האָב דיך שוין געהייליקט
און געטאָן דיך בענטשן.
כ'האָב דיך געקרוינט מיט שײַן,
כ'האָב דיך געזאַלבט מיט העלקײַט.
א דיכטער וועסטו זײַן,
א ריכטער איבער פֿעלקער! —

— ווײ! — האָב איך געזאָגט, —
ווײ מיר! ס'אַרא לײדן!
ווי וועט עס מעגלעך זײַן?
איך קען דאָך גאָרניט ריידן.
דו, שײַן פֿון גאָר דער הייך,
ווי וועט מײַן שטים דאָ קלינגען?
דו, קראַפֿט פֿון גאָר דער הייך,
איך בין דאָך נאָך א ייִנגל... —

איז שטאַרק געווען דאָס קאָל,
איז הויך געווען דאָס קאָל:
— ווּהין איך וועל דיך שיקן,
דו לאָז זיך גיין און פֿאָלג.

אלצדינג, וואָס כ׳וועל דיר הייסן,
דו זאָגן זאָלסט דעם פאָלק.
און זאָל מען דיך פארשטיינען,
און זאָל מען פון דיר שפּעטן.
די שיַינ איז שטענדיק דאָ מיט דיר,
און זי וועט דיך רעטן.
ס׳וועט דיך קיין קלעם ניט נעמען,
קיין פינצטער און קיין גרויל... —

און אויסגעשטרעקט האָט זיך א האנט
און אָנגערירט מיַין מויל.

און כ׳האָב דערהערט:
— אָט ביסטו מיט מיַין קראפט באהעפט שוין.
אָט זיַינען מיַינע ווערטער שוין
אף דיַינע לעפצן.

דו זע: כ׳האָב דיך אוועקגעשטעלט
אף אייביק ניט געענדערט.
דו זע: כ׳האָב דיך אוועקגעשטעלט
אף פעלקער און אף לענדער.

דו זע: כ׳האָב דיך אוועקגעשטעלט •
אף דער ערד דער גאנצער
צום אויסוואָרצלען און אויסראָטן,
צום בויען און צום פלאנצן.

וועסט קרעפטיק זיַין, וועסט מעכטיק זיַין,
וועסט הויך, וועסט פריַי זיַין.
כ׳האָב דיך אוועקגעשטעלט — א וואנט א קופערנע,
א זיַיל פון איַיזן,

כ׳האָב דיך אוועקגעשטעלט — א פעסטונג,
וועלכע ווערט ניט איַינגעבראָכן,
אקעגן הארן פינצטערע,
אקעגן די בייזוויליקע מעלאָכים,

אקעגנ די קויהאנים די אומוועדיקע,
אקעגנ בלענדזעניש אונ ליגנ.
זיי וועלנ גיינ ניט קריג אפ דיר,
דיכ קיינמאָל ניט באזיגנ.

זיי וועלנ גיינ מיט קריג אפ דיר,
דיכ קיינמאָל ניט פארלענדנ,
ווייל שטענדיק איז די שיינ מיט דיר
אונ וועט דיכ שיצנ שטענדיק. —

# אלץ, וואָס כ׳האָב דערהערט

האָט א שטימ א קרעפטיקע
געזאָגט אזוי מיר:
— אפ די הייכנ
שטעל אוועק א שוימער.

זאָל ער וואכ זיינ
אינ באטאָגנ, אינ באנאכטנ.
זאָל ער קוקנ, זאָל ער הערנ,
זאָל ער געבנ אכטונג.

זאָל ער וואכ זיינ
אינ באנאכטנ, אינ באטאָגנ,
וואָס ער וועט דערזעג דאָרט,
זאָל ער זאָגנ. —

כ׳האָב געפאָלגט,
אונ איבער וועלט גערוימער
כ׳האָב אוועקגעשטעלט
א טרייען שוימער.

— היטער מיינער
איבער לאנד אונ לענדער,
וועכטער מיינער,
וואָס איז היינט געשענ דאָרט?
שוימער מיינער,
וואָס האָסטו דערזענ דאָרט?

— אינ דער וויט דאָרט —
יונגעלייט דאָרט פאָרנ.
רייטער, רייטער,
רייטער אינ די פאָרנ.

יונגעלײַט
מיט פֿלאַמענדיקן צאָרן.
רײַטער, רײַטער,
רײַטער אין די פֿאָרן.

וועלט-גיבורים,
פֿײַערדיקע שטערן.
וואַרט נאָר,
איך וועל נאָך אַ ביסל הערן.—

האָט דער שוימער
אָנגעשטרענגט דעם אויער,
שאַרף זיך צוגעהערט
צו ווײַטן בלויע.

בלויז אַ ווײַל
דער שוימער האָט געשוויגן.
ווי אַ לייב,
ער האָט זיך הויך צעשריגן:

— זאָלן הערן אַלע,
זאָלן וויסן אַלע:
אונדזער סוינעס קרוינשטאָט
איז געפֿאַלן.

אַלע, אַלע,
אַלע אירע געטער
ליגן אויף דער הוילער ערד
צעשמעטערט.

רײַטער אונדזערע
אויף אירע פּלעצער ווימלען.
אויף איר אומגליק
זינגען אַלע הימלען.

ברידער ליבע
פֿון מײַן פֿאָלק און פֿון מײַן לאָשן,

ברידער,
אפ איין טויק מיט אײַך מ׳האָט מיך געדראָשן,

מײַנע אייגענע,
דורך בלוט אדורכגעיאָגטע,
אלץ, וואָס כ׳האָב דערהערט,
האָב איך געזאָגט אײַך.—
מארט 1945

# באשטראָף!

עס נעמט די מאמע-ערד ניט אויף
דעם מערדערס ווערעמדיקן גוף.

זי קוקט אויף אים און שווײַגט און שווײַגט:
— עס איז אַן איבלדיקע צווײַג!

ס׳איז ניט פון ערד דער בוים, דער שטאם,
ס׳איז הוילע בייז, ס׳איז הוילע סאם. —

זי גיט פון קײַוער אים אַ שטויס.
פון קײַוער שפּײַט זי אים ארויס.

אין ריוו עס ליגט און דאַרבט די לופט
דעם מערדערס ווערעמדיקער גוף.

אויף מײַל אויף טויזנט העט ארום
דער הויכער באַרג מיט מייסים שטומט.

די אויסגעשניטענע דורך שווערד,
די פּרעך-פאַרשוועכטע מאַמע-ערד,

די קינדער אין דער מויער-וואַנט,
די לענדער נאָכן פײַער-בראַנד...

אין ריוו עס ליגט און דאַרבט די לופט
דעם מערדערס ווערעמדיקער גוף.

אַ טאָג קומט אָן אויף אַש פון שטעט,
דעם שוידער-פּייגער ער צעטרעט.

נאָר קינדער קלאָגן נאָך אין שלאָף.
נאָר פעלקער מאָנען נאָך: — באשטראָף! —

1945

2—2714

## אָפּגרונט

האָט דער אָפּגרונט דיר
די טויערן צעעפֿנט.
וועסט אראָפּפאלן אהין
און וועסט דאָרט טרעפֿן:

ס'האָט די פֿינצטערניש
אין אָפּגרונט אופגעזאָטן.
ס'האָט דאָרט אופגערודערט
אלע ווילדע שאָטנס.

ס'קומט דער גאנצער אָפּגרונט
דיר אנטקעגן,
דיך מיט זיַין באפעלקערונג
באגעגנט.

קיניגן, וואָס טליִען דאָרטן
פֿון לאנגאָנען,
וועלן זיך א צי טאָן
פֿון צעשטויבטע טראָנען.

הערשער לאנג-דערוואָרגענע,
געקעפּטע
וועלן זיך א לאָז טאָן
מיט צעקלאפּטע סצעפּטערס.

הויכגעשטעלטע צאפּעס
מיט צעמאָלטע קרוינען,
וואָס יאָרטויזנטער
אין טיף אין שווארצער וווינען,

כאַיל-עלטסטע,
וואָס צעאַשט אין די געשלעגן,
אַלע וועלן קומען דיר
אַנטקעגן:

— דו ביסט עס
דער ביַיזער וווּנדער-שטעקן,
וואָס האָט גאָר די ערד
באַדעקט מיט שרעקן?

דו ביסט עס
די רוט פון אַלע ריטער,
וואָס די פעלקער
האָט געוויידעפּט ביטער?

דו האָסט עס
די העלע שטעט פאַרברענט דאָרט?
דו האָסט אומגעבראַכט
די פּראַכט פון הונדערט לענדער?

איצטער טוסטו דאָך, ווי מיר, צעקלאַפּטע,
אינעם כוישעך קריכן,
איצטער ביסטו דאָך
צו אונדז, פאַרפאַלענע, געגליכן.

איצטער בלייבסטו וויינען
אין טעהאָם אין הוילן.
צווישן גרוילנדיקע שאָטנס
וועסטו פוילן. —

1945

## צום פרעכנ לאנד

דו טאָכטער פונ פרעכנ לאנד
מיט איידל-געפּעסטעטע גלידער,
לאָז אראָפּ זיכ אפּ נאקעטער ערד,
אינ שטויב דו זעצ זיכ אנידער.

נישטאָ הײַנט פאר דיר קײנ שטול,
דײַנ וווינונג איז — נאכט אָנ אנ ענדע.
מע וועט דיכ שוינ קײנמאָל ניט רופנ
„קיניגנ איבער די לענדער".

נעמ מילשטײנער אינ די הענט,
מעל וועסטו איצטער מאָלנ.
מיט צעשויבערטנ קאָפּ
לאָז זיכ דורכ בערג אונ טאָלנ.

דעמ פוס דײַנעמ אנטבלויז,
דעמ שינבײנ זאָלסטו אנטפּלעקנ.
דו גײ דורכ טײַכנ אדורכ
אינ פלאטערניש, אינ שרעקנ.

זאָל די וועלט דערזענ דײַנ שאנד,
זאָל די וועלט דערזענ דײַנ ביזאָיענ,
דו טאָכטער פונ שווארצנ לאנד,
אומווערדיקע צווישנ די פרויענ.

— — — — — — — — — — — —

דו האָסט געטריבנ מײַנ פאָלק
צום טויט אינ די טיפע יארנ.
האָסט געשניטנ די אלטע לײַט,
האָסט אפּ קינדער זיכ ניט דערבארעמט.

דורך דער גרויסער שיינער וועלט
אפ מייסים געטאָן האָסטו שפּאַנען.
דו האָסט זיך באַרימט: „אפ דער וועלט —
קיינער, בלויז איך בין פאַראַנען.

קיינער, בלויז איך אפ דער וועלט
וועל קיין אלמאָנע ניט בלײַבן.
קיינער, בלויז איך אפ דער וועלט
פון קינדער וועל נאַכעס קלײַבן".

דו טאָכטער פון מערדער-לאַנד,
הײַנט האָט זיך א וועלט צעקלונגען:
באַגראָבן איז זומפּ — דײַן מאַן.
בא ראָבן די שפּײַז — דײַנע יונגען.

געקומען אפ דיר א קלאַפּ —
פון אים זיך ניט אויסצוקויפן.
געקומען אפ דיר א בראָך —
פון אים דו קאָנסט ניט אַנטלויפן.

איצ ווײַסטער שטומעניש זיצ.
צו דער פינצטערניש זאָלסטו זיך ווענדן.
מע וועט דיך שוין קיינמאָל ניט רופן
„קיניגן איבער די לענדער".

1945

## טריומפאלע טויערן

א

א טאָג צו א טאָג
גיט איבער דעם זאָג.
א נאכט צו א נאכט
דערציילט, וואָס זי טראכט.

מיט שאל פון טרומייט
און שטילינקערהייט,
מיט פריידיקע רייד
ס׳דערפליט און דערגייט
צו וועלטישער ברייט,
צו קינד און צו קייט.

די ראכוועס דערהערט,
און פול ווערט די ערד
מיט ליכטיקן זין,
מיט גרויסן באגינ:
— באצוואונגענע בערלינ...
באצוואונגענ בערלינ!..

ב

העכער — די טויערן פון שײַן אױף דער ערד!
צעעפנט די טירן פון פרייד אױף דער וועלט!
מיט פרעכטיקער פאָן, מיט גערעכטיקער שווערד
ארײַנקומען וועט אונדזער מעכטיקער העלד.

ער קומט מיט ניצאָכן פון הייסן געפעכט.
ער קומט מיט דער פאָן, וואָס איז הויך און גערעכט.
ער קומט מיטן פאָלק, וואָס דעם פײַנט האָט געטייט.
ער האָט אונדז געבראַכט צו דערפאָלג און צו פרייד.

באַם עלטסטן פון פאָלק, באַם קליגסטן פון פאָלק —
דער זינען דער העלסטער, דער קויעך — פון שטאָל.

די מוטיקע שלאַכטלײַט פון בלוטיקן קריג,
די שענסטע פון טעכטער מיט שטראַליקן בליק,
באַ הונדערטער אומעס די מאַמעס לעם וויג
לויבן און רימען דעם שעפער פון זיג.

דער פײַנט ליגט אין שטויב — אַ צעטראָטענע שלאַנג.
דעם שעפער פון זיג אונדזער האַרציקער דאַנק.
מיט איידלסטן פלאַטער פון קווייט און פון זאַנג,
מיט טיפסטן געפיל און מיט ליבסטן געדאַנק
דעם שעפער פון זיג אונדזער זיבער געשאַנק,
דעם שעפער פון זיג אונדזער זוניק געזאַנג.

העכער — די טויערן פון שײַן אױף דער ערד!
צעעפנט די טירן פון פרייד אױף דער וועלט!
מיט פרעכטיקער פאָן, מיט גערעכטיקער שווערד
ארײַנקומען וועט אונדזער מעכטיקער העלד.

מײַ 1945

## ס'וועט זײַנ...

וועט די ווינד בא די פעלקער זײַנ
מיט א הײַטל פארצויגנ.
וועט די נעכטיקע פײַנ
פארשווינדנ פונ די אויגנ.

ס'וועט ניט זײַנ קיינ פּאָנעמ קיינ בלייכס,
ס'וועלנ לענדער אינ אנגסט ניט שרײַענ.
ס'וועט זײַנ א נײַע הייכ.
ס'וועט זײַנ אַנ ערד א נײַע.

מע וועט בויענ הײַזער אינ שײַנ,
פונ ווילטאָג אינ זיי וועט מענ וויסנ,
מע וועט פלאנצנ גערטנער פײַנ,
די זיסע פרוכט געניסנ.

ס'וועט די ערד זײַנ ריינ, ווי קרישטאָל,
זיכ בארימענ מיט טענ מיט גרינגע.
ס'וועט א מענטש זײַנ ליבער פונ גאָלד
אונ טײַערער פונ גינגאָלד,

בלויז פרייד אָנ א ברעג, אָנ א זוים
וועט די דויערס ווערנ געגעבנ.
וויפל ס'לעבט אפ דער וועלט א בוימ,
אזויפיל א מענטש וועט לעבנ.

בלויז שײַנ אָנ א זוימ, אָנ א ברעג,
ניט צו גרויל אונ מוירע,
ניט צו בלוטיקער שרעק
וועט מענ די קינדער געבוירנ.

ניט אין וויסט וועט פארגיין די מי —
אפ דער ערד דער מילדער, לינדער
וועט מען לעבן אין גרויסן פרי
מיט קינדער און קינדס-קינדער.

וועט אינעם טאָג פון לויב
באווייזן זיך לעם א פענצטער,
זיך צוטוליען צו דער שויב
דאָס ווילדסטע פון די געשפענסטער.

וועט א יונג פון דער פריידיקער רו,
וועט דער זון פון די פרייַע ברייטן
צו דעם פענצטער צו,
פון טיפן הארצ א געשריי טאָן:

— צעווייי זיך אין מידבער-ווינט,
דו, טייַוול, אין בלוט פארטרונקען!
אין וויסטעניש פארשווינד.
אין זומפ ווער איינגעזונקען! —

וועסטו אנטרינען, רו'כ,
אין הויל פון די טעהאָמען.
ס'וועט נאָכיאָגן דיר דער פלוכ:
— פארמעקט זאָל ווערן דייַן נאָמען! —

1945

## פרידן

ס'האָבן אופגעהערט ריידן
די ביקסן.
ס'האָבן אָנגעהויבן ריידן
געוויקסן.

ס'האָט די סאָנים געפּלעט
אונדזער רויטע ארמיי.
און די לויטערע זון
מילד פֿארגלעט אונדזער וויי.
ס'איז דער נאָמען פֿון העלף
טיף אין האַרצן פֿארקריצט,
דאָס לאַנד איז באוואָרנט,
דאָס לאַנד איז באשיצט.
און פֿריַ איז דער פֿויגל
אין פֿרייליכן פֿלי,
און פֿריידיק די קוויַט איז
אין גליקלעכן בלי,
און ברייט זיַנען טיַכן,
און ריין איז די מי.
הער צו זיך צום לאַנד
אין א זוניקן פֿרי:

ס'האָבן אופגעהערט ריידן
די ביקסן.
ס'האָבן אָנגעהויבן ריידן
געוויקסן.

ס'האָט די סאָנים צעאשט
אונדזער רויטע ארמיי,
גיי אינ פעלדער ארויס,
אונ דאָס הארצ דו דערפריי.
ס'האָט דער סוינע
פארמעקנ דײַנ אָטעמ געוואָלט.
ס'איז דעמ סוינע באצאָלט.
ס'איז דער סוינע צעמאָלט.
ס'איז דער סוינע פארמעקט.
ס'איז דער סוינע נישטאָ.
אונ ארומ אונ ארומ
איז די ראכוועס אינ בלאָ.
גיי אינ פעלדער ארויס,
אונ אפ טויזנטער ווערסט,
אונ אפ טויזנטער מײַל
דו דערזעסט, דו דערהערסט:

ס'האָבנ אופגעהערט ריידנ
די ביקסנ.
ס'האָבנ אָנגעהויבנ ריידנ
געוויקסנ.

אונדזער לאנד אפ דער וועלט
אזא וווּנדערלעכ איינס.
אונדזער לאנד אפ דער וועלט
אזוי גרויס, אזוי שיינ.
אונדזער לאנד אפ דער וועלט,
אפ דער גאנצענער וועלט
איז געשטעלט אפ דער וואכ,
ווי א ריזיקער העלד.
גיי אינ פעלדער ארויס.
הער זיכ אײַנ, קוק זיכ אײַנ:
אזא גאָלדענע ברייט.
וויפל יאמענ מיט שײַנ.
דו דעמ קריגער פונ לאנד,
וואָס דעמ פײַנט האָט צעשטויבט,

דו דעמ שעפער פונ זיג
זאָג א דאנק, זינג א לויב:

ס׳האָבנ אופגעהערט ריידנ
די ביקסנ.
ס׳האָבנ אָנגעהויבנ ריידנ
געוויקסנ.

1945

# פאָלק

דאָס פאָלק רעדט דיכטונג,
און סע ווייסט ניט פון דערפון,
ווי ס׳ווייסט ניט פון איר ליכטיקייט
די זון.

און איך גיי נאָך נאָך דעם
און הער און ניט פארשרייב.
נאָר פערל אינעם הארצ מײַנעם
איך קלײַב.
איך נעם און נעם פון דאָרט —
א וועלט מיט אויצרעס בלײַבט.

דאָס פאָלק לעבט דיכטונג,
און סע שטויסט זיך גאָר ניט אָן,
אז הייס זײַנ דיכטונג,
ווי זײַנ בלוט און ווי זײַנ פאָנ,
אז יעדער קאָפּ זײַנער
ווערט אינ די צארטסטע הייבנ שיינ געמאָלט,
אז יעדער טראָפּ זײַנער
איז פרעכטיקער פונ גאָלד,
אז צויבערדיק און זויבער
איז זײַנ גלויבנ און זײַנ אָל,
אז יעדער אָס זײַנער
איז דימענט, איז קרישטאָל.

און איך גיי מיטנ פאָלק
דורכ ליַט און קלעמ.
און אלצ דערזע איך שטיל,

און אלץ פארנעם.
און איך — איך זינג מיט דעם,
איך לעב מיט דעם.
איך בין א היטער
פון זײַן װוּנדערלעכן שעם.

און ס'טרעפט א דאָר,
וואָס זיך צעפלאקערט פײַער־רויט,
ווען ס'גייט דאָס פאָלק
מיט הויך געזאנג דורך טויט,
ווען ס'פאָלק דורך אייגן בלוט,
ווי נויעכס טייווע, גייט,
דורך אייגן בלוט,
ווי דורך אן אייביקייט,
ווען אומקום פײַערדיקער
איז דער שענסטער צוויט,
ווען שטומקייט פײַערלעכע
איז די שטארקסטע ליד,
ווען ס'פאָלק מיט לײַב מיט טײַערן
די סרייפעס נערט,
קעדיי דאָס פאָלק
זאָל אייביק לעבן אפ דער ערד,
קעדיי ס'זאָל פריילעך זײַן די שפּיל,
די שאפונג און די מי,
קעדיי א קינד זאָל זינגען
אין א מאָרגנפרי.

דאן קומט דאָס פאָלק צום זיג,
וואָס קיינער קיינמאָל ניט פארגעסט.
דאן איז דאָס פאָלק אין וווּנדער־וועלט
דער העלסטער נעס.
און דאן אפ שריט און טריט
ט'פארקריצט זיך און פארשרײַבט:
— דאָ לעבט דער גײַסט פון פאָלק,
זײַן הייליק לײַב,
זײַן גוף זײַן הייליקער,
וואָס האָט דורך אָפגרונט דורכגעשוועבט

און זיך אין שיין אריינגעוועבט
און לעבט און לעבט. —

כ׳בין מיטן פאָלק געגאנ,
און ס׳איז מיר גוט באקאנט
דאָס שטיינ מיט די האמוינים
בא דעמ סאמע ראנד,
באמ שארפנ ברעג,
ווענ ס׳איז שוינ ניט באוווסט,
ווו ענדיקט זיך דאָס עטעמענ,
ווו הייבט זיך אָנ די פוסט.
כ׳בין מיטנ פאָלק געגאנ
און וויסנ ווייס איך ווויל,
וואָס הייסט —
מיט ציטעריקנ לעבנ האָדעווענ דעמ גרויל,
וואָס הייסט —
א שטאמ א הייסער צו די פלאמענ איילט,
און ליידיק אייביקער ווערט קערפערלעך,
און אייביק-הויך עס ווערט די וויל.

כ׳בין מיטנ פאָלק געגאנ.
ס׳איז היינט זיינ זיג
צעלויכטנ אינעמ אויג מיינעמ,
צעשמייכלט אינ מיינ בליק.
פונ יעדנ ברעקל ערד
מיט אויסגעוויינטנ כיינ
עס זינגט דאָס גרויסע פאָלק,
דאָס פאָלק אליינ,
עס זינגט דער שטאמ,
וואָס האָט אדורכגעשפאנט
דורך טיפסטנ ראנד
אפ אָנרירנ, אפ אָנטאפנ
מיט צאפלדיקער האנט
דאָס ליכט דאָס פעסט-מאמאָשעסדיקע
און דעמ מילדנ בלי —
דאָס קינד, וואָס לאכט אינ גאָרטנ
אינ א מאָרגנפרי.

כ׳גײ מיטנ פאָלק
אונ קוק זיך אײַנ, אונ הער זיך אײַנ:
עס מאָנט די פּײַנ,
עס מאָנט די שײַנ,
אַז יעדער קערעלע,
אַז יעדער רירעלע פונ זײַנ —
זאָל זײַנ אַ קאָס
מיט יענעמ קישעפדיקנ װײַנ,
װאָס איז פונ אָנפאַנג װעלט
אינ טיפ-באַהעלטעניש געװיט
פאַר מײַנ, פאַר דײַנ,
פאַר אַלעמענס געמיט.

1945

---

# אינהאַלט

## מײַנ אײנציק לעבנ

## פונ שלאכט-פעלד



## טריִומפאלע טויערנ



---

Э. ФИНИНБЕРГ

В ВЕЛИКОМ ПЛАМЕНИ


**Редактор—*А. Фрумкин.* Обложка—художника *Г. Ингера.* Техред—*М. Пеготер.***

**Сдано в производство 22/XII-45 г. Подписано к печати 30/V-46 г. А—02209. П. л. 9**
**Уч.-изд. л. 5. Тип. зн. в л. 33.400. Формат 84x108 1/32 Тираж 6000 экз. Заказ 2714**

**13-ая типография треста „Полиграфкнига“ ОГИЗ'а при Совете Министров РСФСР**
**Москва, Денисовский пер., 30.**